# אַלע ווערק

פון

# מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאוויץ)

---

ערשטער באנד

---

ניו-יאָרק
היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
52-50 עלדרידזש סטריט
1920

## אינהאלט:



---

י. ח. רבניצקי

# שלום יעקב אבראמאוויץ

(מענדעלע מוכר ספרים)

י. ח. רבניצקי

# שלום יעקב אבראמאוויטש

## (מענדעלי מוכר ספרים)

שלום־יעקב אבראמאוויטש, וואס איז בעקאנט אין דער אידישער וועלט מיט זיין ליטעראַרישען נאָמען „מענדעלי מוכר ספרים", אָדער ווי מען רופט איהם שוין היבשע יאָהרען מיט'ן ליעבען נאָמען „דער זיידע פון דער יודי־שער ליטעראטור", — איז איינע פון די גרעסטע ערשיינונגען אין אונזער יודישער וועלט. מענדעלי מוכר־ספרים איז נישט נאָר א טאלאנט, און א גרויסער, זעלטען־אָריגינעלער טאלאנט,, ער איז א סך מעהר פון דעם: ער איז אין פיעל הינזיכטען א ש א פ ע ר פון דער נייע־יודישער ליטעראַ־טור.

און נישט פון איין ליטעראטור איז ער דער שאפער, נאָר פון צוויי צוזאַ־מען אין איין צייט. דאָס איז שוין אזא זעלטענע ערשיינונג, וואָס ס'איז ניט צו געפינען איהר גלייכען אין אנדערע וועלט־ליטעראטורען. סיי אין העברע־איש, סיי אין יודיש האָט מענדעלי געמוזט אליין דורכשלאָגען און אויסטרע־טען א נייעם וועג. בעזונדערס האָט ער בעדארפט שאפען א נייעם סטיל, „מענדעלי'ס סטיל", וואָס האָט געהאט אזא גרויסע אונגעהויערע ווירקונג אויף די בעסטע יודישע שרייבער, וועלכע זיינען געקומען נאָך איהם און פערנומען אַן אָרט אויבען אָן אין אונזער יודישער ליטעראטור. גוט איז געווען די „אייניקלעך" דערנאָך, א שטייגער שלום־עליכם'ן אין יודיש און ביאליק'ן אין העברעאישער פראָזע, אז זיי זענען אין דער הינזיכט שוין געקומען, ווי מען זאָגט, צום גרייטען, געהאט פאר זייערע אויגען אזא גלענ־צענדען אויסגעצייכענטען מוסטער. דער „זיידע" אָבער האָט געמוזט אלעס שאפען פון דאָס ניי, מיט אייגענע כחות. צו אזא ארבייט דארף מען באמת האָבען א ריעזען־קראפט.

נישט מיט אמאָל האָבען זיך ביי מענדעלי׳ן בעוויזען די גרויסע כחות זיינע. ביסלעכווייז האָבען געהאַלטען אין איין וואַקסען זיינע אַדלער־פליעגעל, און מערקווירדיג — ערשט אין די עלטערע יאָהרען האָט ער זיך אַרויסגעוויזען מיט זיין גאַנצער קראַפט, אויפגעהויבען אויף אַזאַ הויך צום בעוואונדערען.

געבוירען אין ליטאַ, געוואַנדערט אין דער יוגענד איבער פערשיעדענע ישיבות אין ליטווישע שטעדט און שטעדטלעך, מגולגל געוואָרען דערנאָך אין וויטען „וואָהלין" און צום סוף אין דרום־געגענד אין נײַ־רוסלאַנד, — האָט מענדעלי געהאַט די מעגליכקייט צו בעטראַכטען מיט זיין שאַרפען אויג דאָס יודישע לעבען פון אַלע זייטען, אַנגעזאַפּט אין זיך און קינסטלעריש דערנאָך אַרויסגעגעבען פאַר די לעזער אין אַזעלכע ל ע ב ע ד י ג ע בילדער אין צוויי ל ע ב ע ד י ג ע לשונות. און אַז איהר לייענט דעם זעלבען „ספור המעשה" אין העברעאיש און אין אידיש, קאָנט איהר קיינמאָל נישט וויסען, וועלכעס איז דער אָריגינאַל און וועלכעס אַ איבערזעצונג, אַזוי ווי איהר ווייסט נישט, אין וועלכער פון די צוויי שפּראַכען איז מענדעלי מעהר צו בעוואונדערען אַלס קינסטלער און סטיליסט.

און דער 75־יעהריגער „זיידע" איז נאָך פול מיט יוגענדליכער גייסטי־גער קראַפט. ער איז גרויס נישט נור מיט׳ן פריהערדיגען זכות, זיין כבוד גלאַנצט נישט נור מיט אַ אָבשיין פון אַמאָל. ער הערט נישט אויף ביז איצט צו טהון זיין גרויסע אַרבייט, צו שאַפען.

**אַזאַ לעבען איז כדאי בעשריבען צו ווערען אויספיהרליך *).**

---

## 1.

שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש איז געבוירען אין ליטאַ אין אַ קליין שטעד־טיל קאַפּוליע (סלוצקער אויעזד, מינסקער גוב.). פונקט דעם טאָג פונ׳ם

---

*) בענוצט האָב איך זיך צו דער לעבענס־בעשרייבונג מיט בינשטאָק׳ס אַר־טיקעל (אין „וואָסחאָד" 1884), מענדעלי׳ס אויטאָביאָגראַפיע (אין סאָקאָלאָוו׳ס „ספר זכרון") און „שלמה ר׳ חיים׳ס", וואָס איז אייגענטליך אַ קינסטלעריש־בעאַרבייטע זעלבסט־לעבענס־בעשרייבונג און ענטהאַלט צוזאַמען מיט ד י כ ט ו נ ג זעהר פיעל ו ו אָ ה ר ה י י ט פון אַבראַמאָוויטש׳עס לעבען אין דער ערשטער יוגענד, אויסער מינדליכע ידיעות פון ר׳ מענדעלי׳ן אַליין.

יאָהר, און אפילו דאָס יאָהר אַליין, ווען דער גרויסער יודישער שריפטשטעלער האָט דערזעהן גאָט'ס וועלט, ווייסט מען נישט בעשטימט — אין יענע יאָהרען האָט מען זיך נישט נוהג געווען אַזעלכע זאַכען צו פערצייכענען — נאָר ס'איז אָנגענומען געוואָרען צו רעכענען דאָס יאָהר תקצ"ו (1835) פאַר זיין געבורטס־יאָהר, און דער צוואַציגסטער דעצעמבער ווערט גערעכענט אין זיין פאַמיליע פאַר זיין געבורטס־טאָג.

זיין פאָטער ר' חיים־משה איז געווען פון די געהויבענע און שענסטע בעלי־בתים אין שטעדטיל, און האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער גאַנצער געגענד אַרום. אין יענער צייט, אַז מ'איז זוכה צו זיין אַ פערנעהם אין אַזאַ שטעדטיל ווי קאַפּוליע, אַ אָרט פון תורה פון אייביגע יאָהרען, און אין דער גאַנצער סביבה — איז עס נישט אומזיסט. אויסער זכות־אבות דאַרף מען דערצו אַליין זיין נישט נור גוט און פרום, נאָר אויך אַ למדן מיט אַלע מעלות. און ר' חיים־משה, אַ אמת'ער יודישער תלמיד חכם, איז געווען, ווי מען זאָגט, „אי צו גאָט, אי צו לייט". זיין צייט איז געווען אָבגעגעבען צו פרנסה און צו תורה און אויך צו שטעדטישע כלל־זאַכען. יאָהרענלאַנג האָט דער פאָטער פון'ם קינפטיגען מחבר פון „די טאַקסע" געצויגען זיין חיונה פון דעם, וואָס ער האָט געהאַלטען די פלייש־טאַקסע אין'ם שטעדטיל. פיעל יאָהרען איז ער דאָרט וועקגעווען גאָר אָהן לוין, אַ „קאַזיאָנער רב". ער פלעגט אויך זאָגען אומזיסט אַ שיעור גמרא מיט פוסקים פאַר יונגע־לייט, און אַמאָל אויך דרש'ענען שענע דרשות פאַר'ן עולם. דערצו איז ער נאָך געווען אַ ידען אין תנ"ך אויך און שען געשריבען לשון־קודש מיט „מליצה" נאָכ'ן גוסט פון יענער צייט, אַזוי אַז ער האָט געשמ'ט צווישען אַלע זיינע בעקאַנטע פאַר אַ „בעל־לשון". זיין הויז איז געווען תמיד פול, דער אַריין, יענער אַרויס. צו זיינער אַנ'עצה פלעגען אַלע אָנקומען, סיי אין פּרט־זאַכען און סיי בשעת עפּעס אַ נויט אין כלל־זאַכען, און וועגען אַלסדינגס פלעגט מען מיט איהם זיך מישב זיין. ביים עולם איז אויך איינגערעדט געווען, אַז ר' חיים־משה איז אויך אַ מומחה אין דאָקטאָריע, און בשעת עפּיס אַ קראַנקהייט פלעגט מען לויפען צו איהם נאָך אַ מיטעל, און ער אַליין האָט זיך אויך גע־האַלטען דרינען פאַר אַ שטיקעל מבין, ווייל ער איז געווען אַ „בעל־נסיון", אַ שוואַכער, שלאַפער מענש בטבע און איבערגעליטען אין לעבען אַ סך מיני שלאַפקייטען, און אויסערדעם פלעגט ער נאָך אַמאָל ליעב האָבען אַריינקוקען אין רפואה־ביכלעך פאַר'ן פאָלק.

זיין מוטער שרה־נעסי — אַ איידעלע, שוואַכע פרוי מיט אַ פערפרומט בלייך פּנים, הוילע רוחניות — איז געווען אַ וואַוילקענענדיגע, געוואוסט אַלערליי מיני תחינות, געלייענט דעם „צאינה־וראינה", „מנורת המאור"

און נאָך אַזעלכע ספרים, געווייזען ווייבער אין שוהל וואָס און ווען צו דאַווגען און אויך פאַרגעלייענט פאַר זיי פול מיט געפיהל.

שלום־יעקב האָט זיך פון די ערשטע קינדער־יאָהרען ארויסגעוויזען פאַר זעהר אַ געראָטען קינד מיט אַ גוט שאַרף קעפּיל צום לערנען. ביי זיין ערשטען דרדקי־מלמד, משה פלאָטקעס, האָט ער אין איין יאָהר אויסגעלערנט די גאַנצע תורה, געלייענט „עברי" גיך „ווי אַ וואַסער" און אָנגעהויבען חומש, ווי דער שטייגער איז, פון „ויקרא" — וואָס אַנדערע קינדער בעדאַרפען דערויף פערברענגען אין חדר אַ צוויי־דריי יאָהר. ביים גאַנצען הויזגעזינד ר' חיים־משה'ס, ווי אויך ביי פרעמדע, אַריינגעהערם אין שטוב, איז דאָס קינד געוועזען זעהר בעליעבט פאַר זיין לעבעדיגקייט, פאַר זיינע קלוגע איינפאַלען, און נאָך מעהר פאַר זיינע „אָנשטעלען". פון קינדווייז־אָן איז אינ'ם קינפּ־טיגען קינסטלער געלעגען בטבע עפּיס אַזוינס, צו וואַרפען אַ אויג און אויפחאַפען באַלד ביים ערשטען בליק יענעמס אַ מינע אָדער אַ וואָרט, וואָס עפּיס נישט אַזוי, משונה ווי ביי אַנדערע, און ער פלעגט קונציג נאָכמאַכען ווי יענער רעדט, ווי יענער שטעהט און געהט...

דער פאָטער איז געוועזען בעזונדערס אַ מבין אויף זיין געראָטען, שטאַרק געליעבט קינד. ער האָט פערשטאַנען, אַז ביי אַ רעכטען מלמד אין די הענד קאָן פונ'ם קינד ווערען אַ לייט, און דעריבער האָט ער פאַר איהם נאָכגעזוכט און געגומען איינעם פון די בעסטע מלמדים, ער זאָל מיט איהם לערנען.

לערנען אין יענער צייט האָט געהייסען גמרא מיט מפרשים און פוסקים. פון אַנדערע למודים האָט אַ יודיש קינד נישט געטאָרט וויסען. אפילו „כתבי־קודש", דער הייליגער תנ"ך, איז אויך געוועזען פערדעכענט ווי אַ מין פסול'ע זאַך פאַר קינדער, וועלכע טאָרען מעהר נישט וויסען ווי פון אַ „פסוק, וואָס שטעהט אין דער גמרא"... ר' חיים־משה אַליין איז אָבער אויך געוועזען, ווי געזאָגט, אַ „בעל־תנ"ך" און אַ שטיק „מליץ", האָט ער פערלאַנגט פון דעם מלמד, ער זאָל לערנען מיט'ן קינד אויך תנ"ך מיט „מצודות", מיט תרגום און אַ ביסעל דקדוק אויך דערצו.

און דער מלמד, יוסי ראובנ'ס, איז געוועזען ווי געוואונשען פאַר דעם 6־7־יעהריגען תלמיד. קיין בעסערער זיווג דערפון האָט גאָר נישט געקענט זיין. דער רבי און דער תלמיד האָבען זיך איינער דעם אַנדערען גוט גע־פאַסט, אויפ'ן בעסטען אופן.

ר' יוסי ראובנ'ס, אַ יוד אין די מיטעלע יאָהרען, איז געוועזען אַ דאַרער, אַ קורצזיכטיגער, מיט אַ בלייך פנים, אַ שטילער און אַ גוטער און ביי איטליכען אין שטעדטיל זעהר בעליעבט. זיין כאַראַקטער, זיין שטייגער לעבען און אַלץ מיט אַנאַנדער האָט ארויסגעוויזען, אַז אין איהם שטעקט דער פונק פון אַ קינסטלער. ער האָט געהאַט אַ האַנד צו שרייבען און צו

מאָהלען, צו שניצען און צו קריצען אויף קופּער און אויף שטיינער, נישט צוליעב פּרנסה, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל דאָס איז געווען זיין בעסטער פּער־גניגען, עפּיס האָט איהם ווי געטריבען דערצו און ער האָט געמוזט מייסטערן. אין שטעדטיל האָט מען איהם מכבד געווען מיט שניצען דעם ארון־קודש, מאָהלען א מזרח, שלאָגען מצבות, קריצען חתימות, או אָפּטמאָל מיט מאַכען מוסטערן פאַר מיידלעך כלות אויף קייטעלשטיכלעך, אויף העפטען, אויסנייהען פאַר זייערע חתנים שענע תפילין־זעקלעך.

דער שטייגער פונ׳ם לערנען איז געוועהנליך געווען אַזוי: בשעת דעם לערנען פלעגט דער רבי זיצען אויף זיין אָרט מיט עפּיס אַנ׳ארבייט — מאָהלען אָדער שטעכען א חתימה׳לע. די ארבייט האָט ניט געשאַדט צום לערנען, פערקעהרט, זי איז געווען דאָס אייגענע, וואָס „פאַר א פּראָסטען בעל־מלאכה א גוטער טרונק בראָנפען", זי האָט איהם בעלעבט און בעגייס־טערט, אין די אויגען האָט געפינקעלט א הייליג פייעריל און אַלסדינג האָט ער דענסטמאָל דערקלערט דעם תלמיד שאַרף און קלאָר, מיט א בעזונדער געפיהל. און דעם תלמיד פלעגט עס געבען א נעהם, א ברען, און ס׳האָט זיך איהם געלערנט מיט אַזא חשק, געשלונגען איטליכס וואָרט.

דער דאָזיגער בעגאַבטער רבי האָט געמאַכט א שטאַרקען רושם אויף זיין פיעל־בעגאַבטען תלמיד, און ביז איצט דערמאָהנט זיך דער גרייז־גרויער תלמיד אָן זיין אַמאָליגען רבי׳ן ר׳ יוסי ראובנ׳ס (אין „שלמה ר׳ חיים׳ס" רופט ער איהם ליפּא ראובנ׳ס) מיט גרויס ליעבע און אכטונג. צו דער ווירקונג פון יענעם זעלטענעם רבי׳ן קאָן מען אפשר צושרייבען ניט נור דאָס שענע געפּערילטע כתב פון אונזער גרויסען שרייבער, נאָר אויך דאָס ווילען ארבייטען כסדר מיט חשק אויסצושלייפען און אויסצור־טאָקען יעדעס וואָרט, יעדע פראַזע בעזונדער, עס זאָל ארויסקומען קינסט־לעריש, אָהן א שום פּגימה׳לע...

דאָס קינד שלום׳קע איז מיט דער צייט געוואַקסען „ווי א בלימעלע אונטער א גוטער השגחה", ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט פונדעסטוועגען צו בלייבען א קינד. אין „שלמה ר׳ חיים׳ס" ווערט דאָס קינד געמאָהלט אַזוי: „שלמה׳לע אין חדר און שלמה׳לע אין דרויסען זיינען עפּיס גאָר אַנדערע, פערשיעדענע מענשען. לערנט ער, איז געלערנט. ער איז מיט דעם גאַנצען קאָפּ אריינגעטאָן אין לערנען. ער דענקט, טראַכט, וויל גרינדליך איטליכע זאַך פערשטעהן, נאָר קוים צוגעמאַכט דעם ספר, איז ער ווי איבער־געביטען געוואָרען, ער לעבט, שטיפט — א יונגעל מיט די ביינער. איבער־הויפּט האָט שלמה׳לעס האַראַקטער פון קינדרווייז אויף זיך געוויזען עפּיס ווי א צונויפגעשטעלטער פון פערשיעדענע מינים, נישט פון איין שטיק מאַטעריע. עפּיס האָבען צוויי נשמות — א מלאך מיט א רוח — געשטעקט

אין איהםביידע אינאיינעם. ער איז געווען אי איינגעשפארט, הארט ווי א שטיין, אי ווייך ווי א טייג, לאזענדיג זיך פיהרען אמאל ביי דער נאז; אי בייז, אי מילד, גוט ווי די וועלט; אי ביטער־גאל, אי צוקער־זיס; אי ערנסט, אי קאטאוועס־טרייבער, אי אומעטיג־פערטראכט, אי לוסטיג־פרעה־ליך". אין א געוויסער מאס, געוועהנליך, קאנען די ווערטער אויך צום קינד שלום'קען צוגעפאסט ווערען. און ווי דערמאהנען זיי יענע ווערטער פונ'ם שפעטערדיגען ר' מענדעלי, וואס זאגט עדות אויף זיך (אין „בימי הרעש"): אפטמאל פיהל איך מיר, אז איך בין צוויי מענדעלעך, צוזאמענ־געבונדען ווי א צווילינג צוזאמען, יעדער איז זיך א בריה פאר זיך" א. ז. וו.

שלום'קע איז בטבע געווען א הייס־בלוטיגער, „אנצינדענדיג זיך ווי א שוועבעלע, ווי באלד נור עפּיס האט איהם געטאן א ריהר". די פייערדיגע רייד פון די נביאים, זייערע שענע מליצות און דערצעהלונגען איבער גאט און איבער דער וועלט, האבען אויפגעוועקט זיין כח־הדמיון און איהם געגעבען געגוג שטאף צו דענקען, צו טראכטען און צו פאנטאזירען. ער האט אויך שטארק ליעב געהאט צו מאכען אפט א שפּאציר אין דעם פער־לאזטען שענעם „גארטען" פון דער יודישער אגדה אין גמרא און מדרשים, וואו זיין רייכע פאנטאזיע האט געפונען גענוג פּלאץ אויף ארומצופלא־טערן און אמאל זיך הויך אוועקלאזען מיט פערשפרייטע יונגע פליגעל...

---

## 2.

נאך א פיער יאהר לערנען ביים זעלבען מלמד יוסי ראובנ'ס האט זיך די תורה פאר שלום־יעקב'ן ביי דעם רביי'ן אויסגעלאזט און ער איז איבער געגאנגען אויף דעם טאטענ'ס האנד לערנען אונטער זיין השגחה. אזוי האט זיך דער פאטער נוהג געווען צו לערנען פריהער מיט זיינע עלטערע צוויי זיהן, נאכדעם אז זיי זיינען ארויס פונ'ם חדר, ביז דער חתונה, אזוי האט ער אויך געלערנט מיט זיין איידעם, די ערשטע צייט נאך דער חתונה, און אזוי איז איצט געקומען שלום'קעס צייט צו לערנען תורה ביים טאטען. דער שטייגער לערנען זיינער איצט איז געווען אזוי: אלע פריה־מארגען באלד נאכ'ן דאוונען, פלעגט דער פאטער, זיצענדיג אויף זיין שטאט אויבען־אן אין קלויז, אבלערנען מיט איהם א פאר פרקים משניות כסדר. נאכ'ן אנבייסען פלעגט ער בלייבען אין דער היים, צוגרייטען אין אלקעריל דאס לייענען אין דער גמרא, וואס דער טאטע האט איהם פערגעבען, מיט תוספות און מהרש"א. ער האט עס בעדארפט דערנאך איבערזאגען, אין דער

היים טאַקע, ווען עס האָט זיך געמאַכט. קיין בעשטימטע צייט אויף דעם איז נישט געווען. דער פאָטער האָט זיך געקענט אָברייסען פון זיינע גע־שעפטען אַמאָל ביי־טאָג, אַמאָל ביי־נאַכט, און גאָר אַמאָל פלעגט דער טאַטע איהם אויפרייסען פון שלאָף פאַר־טאָג און אָוועקגעהן מיט איהם לערנען אין קלויז. נישט גרינג, פערשטעהט זיך, איז אָנגעקומען דעם 11—12־יעהריגען קינד דאָס אויפשטעהן פאַר־טאָג פונ׳ם געשמאַקען שלאָף. נאָר איז ער אָבער אויפגעשטאַנען, האָט עס איהם זעהר הנאה געטאָן. דאָס געהן פאַר־טאָג פון דער־היים אין קלויז און דאָס לערנען דאָרט האָט איהם פערשאַפט גרויס פערגניגען. ביי דעם קליינעם לערנער „ האָבען זיך צו־שפּיעלט די געבליטען. זיין כח־הדמיון איז פלאַם־פייער, דאָס הארץ צוגעהט איהם שיער פאַר גרויסע געפיהלען — און ער נעהמט זיך לערנען מיט חשק, געשמאַק אויף אַ ניגון״.

נאָר די הייסע געפיהלען זיינע האָבען זיך נישט בעגנוגט מיט לערנען אליין דער פאָעטישער פונק, וואָס איז אין איהם געלעגען פערבאָרגען, האָט זיך אָנגעהויבען אויפצובלאָזען דורך אַ געפיהל פון ליעבשאַפט און בענקעניש צו דער שענער נאַטור. פריהער איז זיין וועלטיל געווען גאָר אַ קליינס: „פון די אַלע גאַסען אין שטעדטיל איז פאַר איהם געווען נור דער שוהל הויף; פון אַלע הייזער — דער חדר, דער בית־מדרש, וואו ס׳איז דער טויער צום הימעל״. איצט האָט ער אָנגעהויבען בעטראַכטען די איבעריגע גאַסען פון שטעדטיל, אפילו נישט קיין יודישע; ער האָט אויך ארויסגעקוקט אויסער דער שטאָדט און געזעהן די שענע טאָלען „באַרג־אַראָב״, ערטער־ווייז בעוואַקסען מיט גרינוואַרג, וואָס ציהען זיך ווייט ארום דער שטאָדט, צעוואַרפענדיג זיך אין פערשיעדענע פּאַנאָראַמעס, און אויף יענער זייט טאָלען — וויעדער בערג און פעלדער, וועלדלעך און וועלדער. שלום־יעקב האָט אָנגעהויבען אָפט מפסיק זיין פון לערנען, ארויס׳גנב׳ענען זיך פון שטוב און געהן אויף „קבלת־פּנים״ צו דער שען־חנ׳עוודיגער נאַטור „ווי אַ חתן אַקעגען דער כלה״, און דאָרט פלעגט ער ווערען ווי צושמאָלצען פאַר הייסע־זיסע געפיהלען און זיך צוגאָסען אין אַ מין ניגונ׳דיל פון „זמירות״, אין אַ וויינענדיגס צו אַ בעדעקענס, אָדער גאָר גענומען זאָגען „ברכי נפשי״ הויך אויף אַ קול מיט אַ בעזונדער טעם און געפיהל.

בכלל איז ער שוין אצונד ווי דערוויטערט געוואָרען פון יענעם עולם, אין וועלכען ער איז געווען אריינגעטאָן פריהער מיט לייב און לעבען — דער קאָפּ זיינער ליגט שוין נישט אין דער גמרא ווי אַמאָל. דאָס שטיקעל לייענען פאַר דעם טאַטען מאַכט ער נאָך ווי ס׳איז, אבי איבערגעקומען, און שפּאַצירט זיך דערנאָך דעם גרעסטען טייל טאָג ארום. ער זוכט זיך אויס נייע מיני חברים, זיי מעגען זיין נישט זיין גלייכען, יונגער

צי עלטער פון איהם. ער האפט זיך אפט אריין צום שכן דעם שמיעד אין קוזנע, זיצט זיך דארט אין א ווינקעל און קוקט פערטראכט ווי די פונקען שפרינגען, „טאנצען ווי די רוחות" אין אייוועז און הערט בשעת מעשה די ווערטלעך און מעשיות, וואס ווערען דארט אויסגערעדט און אויסדער־צעהלט. דער שמיעד, א יוד, שוין א זיידע, איז מיט אלע פאסטעמקעס זיינע געוועזן טאקע נור עפּיס אנ'אלטער יונגעל. און אזוי אויך דער צוויי־טער שכן, פון דער אנדער זייט, א סטאלער, אין וועלכען ס'האט געשטעקט א גייסט פון א ק י נ ס ט ל ע ר, און די סטאלעריי איז געוועזן ביי איהם נישט אזוי וועגען דער פרנסה, ווי צוליעב דעם פערגעניגען צו מאכען א כלי. דיביידע זענען איהם געוועזן זעהר טייער און דאס הארץ האט איהם צו זיי שטארק געצויגען, און ביידע האבען געווירקט אויף זיין יונגען גייסט, דערהאלטען אין איהם דאס פייעריל.

דערווייל האט זיך דאס רעדיל ביי שלום־יעקב'ס פאטער איבערגע־דרעהט און זיינע געעשפטען האבען אנגעהויבען געהן אלץ ערגער. אין שטעדטיל איז געווארען א קריזיס, דער עולם האט אנגעהויבען אין דער שלעכטער צייט ווינציגער עסען פלייש — און די טאקסע איז געווארען געשלאגען. אין שטוב האט זיך אנגעהויבען פיהלען דחקות, און די נויט האט זיך וואס ווייטער מעהר געשטארקט. פון גרויס צער איז דער פאטער קראנק געווארען און גיך פון דער וועלט געגאנגען, אין א עלטער פון העכער פערציג יאהר, און איבערגעלאזט א אלמנה מיט עטליכע יתומים אהן מיטלען צום לעבען.

---

### .3

שלום־יעקב איז געוועזן אלט א יאהר 13—14, ווען ער איז געבליבען א יתום, און דאס ערשטע האבען די נאהנטע קרובים געפונען פאר נויטיג, מען זאל דעם עלטערען פון די קליינע קינדער אוועקשיקען ערגיץ אין א ישיבה, כדי ער זאל זיך נישט ארומדרעהען בטל און זאל טאקע נישט זיין אן איבעריגע משא אויף דער ארימער אלמנה.

איצט הויבט זיך אן זיין נע־ונד זיין פון איין ארט אינ'ם אנדערען. ס'איז בעשערט געוועזן, ער זאל אין די יונגע יאהרען פערזוכען דעם טעם פון עלענד ארומוואנדרעווען אין פרעמדע מקומות און אויס־זיין אין פערשיעדענע שטעדט און שטעדטלעך אין דער ליטא, איידער ער וועט מגולגל ווערען גאר אין די ווייטע מקומות אין וואהלין, און זאל בעטראכ־טען פון פערשיעדענע זייטען און צו־קוקען זיך מיט זיינע אפענע, שארפע

אויגען צום יודישען לעבען, וועלכעס ער וועט דערנאָך אזוי מייסטעריש אָבמאָהלען.

דאָס ערשטע האָט ער זיך אוועקגעלאָזט אָנהויב זומער קיין טימ־קעוויטש, א קליין שטעדטיל נישט זעהר וויט פון קאַפּוליע, און זיך אוועקגעזעצט דאָרט אין בית־מדרש לערנען. אייגענטליך איז ט. נישט קיין אָרט פון תורה, און דער פֿרעמדער בחור איז נישט אויסען געוועזן אזוי דאָס לערנען ווי „די טעג" עסען. דאָ האָט ער זיך באַקאַנט צום ערשטען מאָל מיט'ן לעבען פון חסידים און זייער אויפפיהרונג. אין זיין געבורטס־אָרט קאַפּוליע זיינען געווען לויטער „פערברענטע מתנגדים" און קיין חסיד האָט מען נישט געלאָזט א קאָפּ אויפהויבען. אז עס האָט זיך געעפֿענט דאָרט א חסיד'יש „שטיבעל", האָבען די קאַפּוליער יודען גע־נומען פּויקען אין די הענד און מיט אַלע כחות געפּויקט ביי דעם „שטי־בעל", כדי מען זאָל דאָרט נישט קענען דאַוונען, ביז „דאָס שטיבעל" האָט סוף־כל־סוף געמוזט פערמאַכט ווערען און פון חסידים איז כמעט קיין זכר נישט געבליבען אין שטעדטיל (זעה פּאַפּירנאָ'ס זכרונות „פון ניקאָ־לאַי'ס צייטען", „פּערעזשיטאָיע" 11). דאָ האָט ער געזעהן די „חסידים", וואָס ער האָט פריהער נור געהערט וועגען זיי, אז ס'איז משונה ווילדע ברואים, און אַרויסגעזעהן, אז זיי זיינען אויך יודען, וואָס דאַוונען נאָך דערצו מיט א ברען, מיט א „שמחה של מצוה", די פייערדיגע עבודה, ד. ה. די תפלה זייערע, האָט אויף איהם געמאַכט א שטאַרקען רושם, און ער האָט אויך גענומען מתפּלל זיין מיט התלהבות. נאָך דער תפלה אָבער איז ער אָבגעזעסען דעם טאָג אין קלויז פערזאָרגט און פער'חושכ'ט. עס האָט איהם געצויגען אהיים און ער איז גיך טאַקע אוועק אהין צוריק. נאָר דער דלות האָט איהם באַלד פון דאָרט ווייטער פערטריבען.

דאַסמאָל האָט ער זיך אוועקגעלאָזט קיין סלוצק, אין סלוצקער ישיבה האָט ער אָנגעהויבען לערנען פריהער אין דער ערשטער כתה, באַלד אָבער האָט מען בעמערקט דעם יונגען קאַפּוליער עלוי און איהם איבערגעזעצט אין דער עלטערער כתה, וואו דער ראש־ישיבה אַליין, דער גרויסער חריף ר' מיכל מ"ס האָט געלערנט מיט די תלמידים. פון דער ישיבה איז ער איבער־געגאַנגען אין גביר'ס בית־מדרש, וואו דער בעריהמטער רב ר' אברהם'לע פלעגט זאָגען א שיעור פאַר געקליבענע בחורים.

נאָך סלוצק איז ער איבערגעגאַנגען נאָך אין א פּאָר ערטער, ביז ער ער איז געקומען קיין ווילנא, וואוהין ס'האָט איהם אַרויסגערופען זיין קרוב דער גביר חיים־נחום ברוידא *). דאָרט האָט ער געלערנט ביי ר' סענ־

*) דער פאַמיליען־נאָמען פון שלום־יעקב איז אויך פריהער געווען ברוידא

דעריל אין ר׳ מעלה׳ס ישיבה און אויך אין „גאונ׳ס קלויז״, געלערנט גאנצע טעג און אויך אָפט גאנצע נעכט „משמורים״. פערבראכט האָט ער אין ווילנא נור עטליכע חדשים. ס׳איז איהם נמאס געוואָרען דאָס זיין אין דער פרעמד, און נאָך צוויי יאָהר נע־ונד זיין האָט ער זיך אומגעקעהרט אהיים.

דערווייל האָבען די קרובים, וואָס האָבען זיך געזאָרגט פאר דער מוטער די אלמנה, געזעהן חתונה־מאכען זי פאר אנ׳אלמן אנ׳ארענדאר, וואָס האָט געהאלטען א מיהל אין א דערפיל מ ע ל נ י ק י , א צעהן וויאָרסט פון קאפוליע, און זי איז אוועק אהין מיט די קלענערע קינדער. אין שטעדטיל איז איבערגעבליבען נור שלום־יעקב און די עלטערע שוועסטער זיינע, א גרושה. עלענד און פערצאָגט האָט ער זיך ארומגעבלאָנקעט אין זיין געבורטס־שטאָדט ווי א פרעמדער, פערוואָגעלטער, וואָס האָט נישט וואו א קאָפּ צו־שפּארען. ער איז ארומגעגאנגען שטענדיג פערזאָרגט און האָט זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען, און אז זיין שטיף־פאָטער האָט איהם גערופען צו זיך אין דערפיל, האָט ער זיך לאנג נישט געלאָזט בעטען און איז אוועק אהין, און כדי נישט צו עסען אומזיסט ברויט, האָט ער געלערנט מיט די שטיף־ברידער עטליכע שעה אין טאָג.

נאָך צוויי יאָהר ארומשלעפּען זיך אין ישיבות, נאָך א לעבען אין גרויס דחקות און איינגשאפט, האָט ער זיך געפיהלט פריי אינ׳ם קליינעם דערפיל, וואָס איז ארומגערינגעלט מיט גרויסע געדיכטע וועלדער, צווישען וועלכע עס פלייצט א היבשער טייך. אויף איין זייט טייך קוקען ארויס פון צווישען גרינוואַרג און בוימער א דריי קליינע הייזלעך פון דריי פויערשע פאמיליען, די איינציגע איינוואוינער דאָרט. און אויף דער אנדערער זייט טייך שטעהט הארט נעבען וואלד א איין־איינציגע שטוב מיט קליינע פענסטער און א הויכען אלטען דאך, וואו עס זיצט דער ארענדאר מיט זיין גרויס הויזגעזינד. עס רעש׳ט דאָ נישט ווי אין שטאָדט, דערפאר שוויבלען און גריבלען אין די פעלדער און וועלדער אלערליי בעשעפעניש, חיות און עופות, און אמאל לאָזט זיך אויך הערען א הוילען פון הונגעריגע וועלף ווינטער.

אין דעם שטילען אָרט, אָבגעזונדערט פון מענשען און נאָהנט צו זיין היים־געליעבטער, צו דער שעהנער נאטור, האָט זיך אין דעם יונגען שלום־יעקב אויפגעוועקט דאָס פּאָעטישע געפיהל זיינס און איהם געטריבען אויסצוגיסען אויף פּאפּיר דאָס, וואָס ער האָט געפיהלט טיעף אין הארצען.

(אין זיינע „כתבים״ פון די קינדער־יאָהרען איז ער גע׳חתמ׳עט „שלום־יעקב ברוידא מקאפוליע״). ערשט דערנאָך איז ער פערשריבען געוואָרען „אבראמאָוויטש״.

פריהער נאָך האָט ער גענומען שרייבען אַ מין דראמע אויפ׳ן שניט פון לוצאטו׳ס „לישרים תהלה“, דאָס איז, אַ פנים, עפּיס על־פּי־נס געקומען איהם צו דער האַנד. אָט די קינדערשע דראמע, אין וועלכער די הויפּט־פּערזאָנען זענען: סכלות, שכל, אמת, גאוה, שכחה, המון א. ד. ג.—האָט ער פערענדיגט, וויזט־אויס, דאָ אינ׳ם דערפיל. אויסערדעם האָט ער זיך גענומען צום שרייבען ליעדער אויפ׳ן אַרט פון „ברכי נפשי“ (איינס פון די שירים טראָגט דעם נאָמען „מזמור לשלום בהיותו במדבר מלניקי) מיט תהלות ותשבחות צו דעם גרויסען אַלמעכטיגען גאָט, דעם בעשאַפער פון אזא שענער, ליכטיגער וועלט. סיי די דראמע און סיי די שירים זענען מיט גענוג פעהלער און נאָך גאָר קינדיש־נאאיוו, און ס׳איז שווער צו דערקע־נען אין זיי סימנים פונ׳ם קינפטיגען גרויסען סטיליסט און קינסטלער.

דאָס דאָרפישע לעבען ביים שטיף־פאָטער האָט איהם אָבער נישט אויף לאַנג געשמעקט, עס האָט איהם געצויגען צוריק אין שטעדטיל, אין זיין קלויז, וואו ער האָט פאַר זיך געהאַט אַזוי פיעל ספרים, נישט נאָר גמרות און „שאלות ותשובות“, נאָר אפילו אַזעלכע ווי „מורה נבוכים“, „כוזרי“; „חובת הלבבות“ און אויך „סדר הדורות“, „שלשלת הקבלה“ א. ד. ג. — און ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק קיין קאַפּוליע און וויטער זיך געזעצט לערנען, ווי פריהער אין בית־המדרש.

דערווייל איז ער שוין געוואָרען אַ 17־יעהריגער בחור — און ער האָט אָנגעהויבען שטאַרק טראַכטען, וואָס וועט זיין פון איהם דער סוף. די מוטער האָט איהם שוין לאַנג געוואָלט חתונה מאַכען, בפרט זי אַליין האָט דאָך אויך, אין עפּיס אַ מין „בהלה“, חתונה געהאַט מיט איהר ערשטען מאַן זעהר פריה, ווען זייביידע זענען נאָך געווען קליינע קינדער, און גאָר יונג זענען זיי געוואָרען זיידע און באָבע. ער אָבער האָט בשום אופן נישט געוואָלט הערען פון אזא מין „תכלית“. פאַהרען ווידער אַמאָל אין די ישיבות און דאָרט זיך רייבען, ווי ער האָט שוין דעמאָלט זיך אויסגעדריקט, „ביז ער וועט זיך אויסרייבען אַ שמאַטע“ — האָט ער אויך קיין חשק נישט געהאַט. און די פראַגע: „וואָס וועט זיין פון דער סוף“ — האָט איהם נישט געלאָזט רוהען.

.4

אין יענער צייט, דאַרף זיך מאַכען, קומט־אָן קיין קאַפּוליע איינער אַ דאָרטיגער תושב, נאָכדעם ווי ער האָט לאַנג ארומגעוואַנדערט אין פרעמדע וויטע מקומות, אברהמ׳יל דער הינקענדיגער. אַ סך חידושים האָט ער אָנדערצעהלט פון דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעזעהן אויף זיין רייזע אין **וואָהלין** (וואָהלין האָט דעמאָלט געהייסען אין ליטא אויך יענע

אנדערע גובערניעס, וואָס זענען נאָהנט צו וואָהלין), ווי גליקליך עס לעבען דאָרט די וואָהלינער יודען, וואָס עסען ממש ווייסע חלות און געפּלאָכטענע קוילעטשען אין דער־וואָכען אפילו; און די אָרימע לייט זייערע פיהרען אַ לעבען ווי אַ היגער ליטווישער גביר, אַז ס׳איז זיי נור מקנא צו זיין. דער הינקעדיגער רייזענדער האָט דערצעהלט — און דער קאַפּוליער עולם האָט אויסגעשטעלט מויל און אויערען, און אַנדערע פון זיי האָבען נישט לאַנג געטראַכט און באַלד טאַקע זיך אַוועקגעלאָזט אַהין, אין יענעם גליקליכען קאַנט. דער דאָזיגער אברהמ׳יל האָט גענומען צו־רעדען שלום־יעקב׳ס מוהמע פון דער מוטער׳ס צד, וואָס איז מיט אַ קליין קינד געבליבען אַן־עגונה (איהר מאַן האָט צוליעב די שלעכטע צייטען אָנגעזעצט עטליכע הונדערט רובל און געמוזט עוקר זיין פון ק. און זי האָט נישט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען), אַז זי זאָל זיך לאָזען אין יענע קאַנטען זוכען דעם מאַן, וועלכען ער האָט כלומר׳שט בעגעגענעט ערגיץ אין אַ שטעדטיל דאָרט, און מיטנעהמען מיט זיך זאָל זי טאַקע דעם גרעאָטענעם שוועסטער׳ס זוהן אויך, ווייל דאָרט אין יענע מקומות זענען לויטער אַלע עמי־הארצים, איינער גרעסער פונ׳ם אַנדערען, און אַז גאָט העלפט זיי אַמאָל צו דערטאַפּען אַ וואוילקענענדיגען ליטוואַק, חאַפּען זיי איהם אויף ווי אַ אבן־טוב, און דער בחור וועט געוויס קריעגען דאָרט גאָר גיך די בעסטע שטעלע פון אַ לעהרער אָדער אַ „נאמן“ אינ׳ם גרעסטען געשעפט. ער, אברהמ׳יל, ווייסט גוט דעם וועג אַהין און האָט דערצו אַ אייגען פערד־און־וועגעלע, וועט ער זיי באַלד נאָך פסח מיטנעהמען מיט זיך און ברייינגען ביידע צו זייער ציעל. שלום־יעקב האָט אפילו פערשטאַנען דעם עסק, אַז מיינען מיינט אברהמ׳יל נישט זייער טובה, און יענער האָט זיך דאָ זיינע כונות דערביי, פונדעסט־וועגען האָט ער זיך געלאָזט איינרעדען, און אויך צוגערעדט דער מוהמען צו פאָהרען, אַזוי האָט ער געוואָלט אַרויסרייסען זיך פון דאַנען און לאָזען זיך זוכען דעם מזל אויף דער פרייער וועלט.

אָהן שום הכנות, ווי ער שטעהט און געהט, האָט זיך דער 17־יעהריגער בחור אַוועקגעלאָזט „אין עק וועלט“, ווי ס׳האָט דעמאָלט געהייסען אַ רייזע פון ליטא קיין וואָהלין, ־נאָר וואָס די עלטערע שוועסטער האָט איהם מיט־געגעבען אויפ׳ן וועג אַ שוואַרץ ברויט מיט עטליכע קליינע מטבעות.

באַלד פון אָנהויב־אָן, פונ׳ם ערשטען טאָג פאָהרען, האָט ער שוין אָנגעהויבען צו פיהלען, וואָס פאַר אַ שווערע ביטערע רייזע דאָ שטעהט איהם פאָר. די מוהמע מיט׳ן קליינעם קינד זענען געזעסען אין וועגיל און ער צוזאַמען מיט אברהמ׳לען האָט געמוזט זיך נאָכשלעפּען צו־פוס, און בשעת־הדחק האָט ער נאָך געדאַרפט אונטערהעלפען אַרויסצושלעפּען פון דער טיעפער בלאָטע די קליאַטשע מיט די צוויי שוואַכע פאַרשווינען אין

וועגיל. אברהמ׳יל האָט איהם געהאַלטען אין איין אונטערטרייבען און דערמאָהנען, אז מיטגענומען האָט ער איהם נישט אויף דעם, ער זאָל זיך זיצען צולעגט „ווי א פריץ".

דער „מאַרשרוט" האָט אייגענטליך בעדאַרפט זיין גלייך קיין אָרגייעוו, א שטאָדט אין בעסאַראַביען, וואו אברהמ׳יל, לויט ער האָט דערצעהלט, האָט בעגעגענט דאָרט דער עגונה׳ס מאַן. נור אברהמ׳יל האָט זיך נישט אָנגעהויבען צו איילען. גאַנץ געלאַסען האָט ער זיך געשלעפּט מיט זיינע פּאַסאַזשירען פון אָרט צו אָרט, און אין יעדען שטעדטיל אויפ׳ן וועג האָט ער געפונען פאַר נויטיג זיך אָבצושטעלען אויף א פּאָר טעג. ער איז גלייך אַוועק צום רב, אויסדערצעהלט מיט א צובראָכען הארץ די מעשה וועגען דער וויסטער עגונה, נעבעך, וואָס ער פיהרט מיט זיך, גענומען א נדבה פאַר איהר מיט א בריעף צו יודען בני־רחמנים, מען זאָל העלפען יעדער מיט וואָס ער קאָן. פערשטעהט זיך, אז די פּארשוינען אליין האָבען נישט געוואוסט פון קיין זאַך. פאַר דער עגונה האָט דער פערזאָרגער איהרער געמאַכט מיט א שטיקעל לייוועגד א מין ביידעל פונ׳ם וועגיל און דאָרט האָט זי ג ע ו ו א ו י נ ט מיט׳ן קינד, און דעם יונגען פּארשוין פלעגט ער תיכף, אָנקומענדיג אין א שטאָדט, אוועקשיקען גלייך אין בית־המדרש, ער זאָל, חלילה, נישט ארומגעהן דערווייל בטל, און אליין האָט ער נישט גערוהט, ארומגעגאַנגען פלייסיג איבער דער שטאָדט צונויפנעהמען אויף דער עגונה.

אזוי האָבען זיי זיך געשלעפּט א שטיקעל צייט ביז זיי זענען געקומען ערב־שבועות קיין לוצק. דאָ האָט אברהמ׳יל בעשלאָסען, אז זיי מוזען פערבלייבען עטליכע טעג ביז ער וועט זעהן דעם בחור פּער׳שדכנ׳ען פאַר א גביר׳ס טאָכטער און חאַפּען דערביי א שען שדכנות. אַרויסגעזעהן האָט ער, אז דער יונגער פּארשוין נעהמט שטאַרק אוים אין קלויז. די יונגע־לייט פון יענעם בית־המדרש האָבען געוואָלט מאַכען א נייע חברה „תומכי עניים", האָט מען מכבד געווען איהם, דעם יונגען אורח, ער זאָל נעהמען אָנשרייבען אין א פּנקס די תקנות פון דער חברה, און ער האָט עס באַלד גאָר קונציג אָנגעשריבען מיט זיין שענעם כתב׳ל און מיט פיינע מליצות, אז אלע האָבען זיך נישט געקענט אָב׳חידוש׳ן: די דאָזיגע תקנות, קאָן זיין, זענען די ערשטע שריפטען פון אונזער שרייבער אין פּראָזע. אברהמ׳יל האָט דאָס אלץ געוואָלט אויסנוצען און געארבייט געשמאַק אין עסק, און עטליכע טעג נאָך יום־טוב לויפט ער אריין אין קלויז מיט א שמחה און זאָגט־אָן דעם בחור, אז ער איז שוין למזל א חתן פאַר א כלה מיט אלע מעלות, א גביר׳ס א טאָכטער גאָר פון די געהויבענע, מען

ווארט נור, ער זאָל באַלד קומען אהין. דער בחור אָבער האָט זיך איינ־געשפּאַרט, אַז ער וועט נישט געהן אויף קיין אופן אין דער וועלט, נישט אויף דעם האָט ער זיך אָוועקגעלאָזט פון דער־היים — און דער „שידוך" איז געוואָרען אויס, און אברהמ׳יל האָט געמוזט בייזערהייד איינשפּאַנען דאָס פערד אין וועגיל און ווידער זיך לאָזען אין וועג.

נאָך היבשע וואָכען האָט אברהמ׳יל זיך ארומגעפיהרט מיט זיינע פאַרשווינען איבער וואָהלין, אוקריינע און פּאָדאָליען ביז זיי האָבען זיך דערשלאָגען די ערשטע טעג קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. שפּעט ביי־נאַכט האָט ער זיך מיט זיי פערשלעפּט אין אַ פּוסטע קרעטשמע ווייט פון שטאָדט, אַ מין חורבה אָהן טירען און אָהן פענסטער, און דאָרט האָבען זיי זיך אָבגערוהט. פאַר־טאָג איז אברהמ׳יל אויפגעשטאַנען און אַוועק אין שטאָדט וועגען זיינע געשעפטען. געקומען צוריק איז ער אין איין רציחה. עפּיס האָט ער נישט נושא חן געווען ביי די קאַמעניצער רבנים און זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט פון צו געבען איהם עפּיס געלד, אָדער בריעף אפילו צו יודישע קינדער. „ס'איז ניט קיין יודישע שטאָדט — האָט ער געזאָגט — נאָך ערגער פון סדום, ער וויל זי נישט קענען און מאָרגען פאַר־טאָג פאָהרט מען קיין חאָטין; דאָס וועט אָבער שוין זיין די לעצטע סטאַנציע. אויב דער שענער בחור וועט איצט אויך ניט וועלען ווערען קיין חתן, לאָזט ער איהם דאָרט איבער אויף הפקר, נאָר דעם פּאַספּאָרט זיינעם וועט ער פערהאַלטען ביז ער וועט איהם נישט אָבצאָהלען „פוהר־געלד" פאַר דער גאַנצער צייט".

אַ שווערע ביטערע נאַכט האָט שלום־יעקב איבערגעלעבט, אַ גאַנצע נאַכט האָט ער קיין אויג נישט צוגעמאַכט און געטראַכט: וואָס טהוט מען? פּלוצים דערמאָהנט ער זיך, אַז אָט דאָ אין דער שטאָדט טאַקע דאַרף זיך געפינען אַ חבר זיינער פון קאַפּוליער קלויז, וואָס איז צוריק מיט עטליכע יאָהר אַוועק פון דער־היים און געוואָרען, ווי מ'האָט נאָך אין דער־היים דערצעהלט, אַ משורר ביים קאַמעניצער חזן פון דער גרויסער שוהל — און ווי ס'האָט נור אָנגעהויבען צו טאָגען, האָט ער זיך אַליין אַוועק־געלאָזט אין שטאָדט זוכען דעם חבר. אין שטאָדט אָבער דערוויסט ער זיך, אַז דער חזן מיט אַלע משוררים זענען אין וועג און וועלען ערשט קומען צוריק אויף „ימים נוראים". פערלוירען די לעצטע האָפנונג, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין קרעטשמע מיט זעהר אַ ביטער האַרץ. אברהמ׳יל האָט איהם גוט מכבד געווען פאַר זיין פערפּאַלען ווערען — און מען לאָזט זיך פאָהרען ווייטער. אַ רעגען האָט נישט אויפגעהערט צו גיסען, און אויפ'ן האַרצען ביי איהם איז פינסטער ווי דער הימעל אין דרויסען: ער איז אַ פערפאַלענער, אָט פערקירעוועט זיך דער וועג קיין חאָטין און

דארט לאזט איהם אברהמ׳יל איבער אליין, אהן א גראשען און אהן א פאספארט. נאר פלוצים איז געקומען זיין ישועה גאר אומגעריכט — דורך א פערדישע פאדקאווע.

אברהמ׳יל האט זיך אומגעקוקט, אז די קליאטשע זיינע האט פערלוירען א פאדקאווע און האט געהייסען דעם בחור זי אויסזוכען. יענער איז געלאפען צוריק זי זוכען אין דער בלאטע, געהאפט צו געפינען די פערלוירענע פאד־קאווע און דערמיט חאטש א ביסעל שטילען דעם רוגז פון זיין בייזען פריץ. פלוצים דערזעהט ער אקעגען איהם פאהרט א פוילישע ברישקע מיט פיער פערד, פול אנגעפאקט מיט חברה יונגע־לייט, וואס לאכען און זינגען. ער שטעלט זיך אב צו קוקען אויף די גליקליכע לייט, ער הערט ווי איינער רופט איהם מיט׳ן נאמען: „שלומ׳קע, שלום־יעקב קאפוליער!״ — און באלד טאקע שטעלט זיך אב די בריטשקע און פון דארט קריכט ארויס א יונגער־מאן, וואס פאלט איהם אויפ׳ן האלז. דאס איז געווען דער חבר זיינער, וועלכען ער האט געזוכט, וואס האט זיך איצט אומגעקעהרט מיט׳ן חזן און אלע איבעריגע משוררים קיין קאמעניץ. אין קורצען האט ער אויסדערצעהלט דעם חבר זיין שווער הארץ, און יענער האט גע׳פועל׳ט ביים חזן, ער זאל אויסלייזען דעם בחור פון יודישע הענד, בעצאהלען פאר איהם פוהר־געלד און מיטנעהמען קיין קאמעניץ.

מיט דעם האט זיך געענדיגט אבראמאוויטש׳עס ווייטע נסיעה, וועלכע האט געגעבען געווג שטאף זיין יונגער נשמה, וואס האט די אלע איינדריקע איינגעזאפט אין זיך מיט א פרישער קראפט און פיעל פון זיי דערנאך דיכ־טעריש איבערגעגעבען אין ר׳ מענדעלי׳ס כתבים. אפילו די בעריהמטע קליאטשע ר׳ מענדעלי׳ס, קאן זיין, איז אויך א ריכטיג בילד פון אברהמ׳יל דעם הינקעדיגענ׳ס פערדיל...

---

.5

גאר א נייע עפאכע האט זיך איצט אנגעהויבען אין אבראמאוויטש׳עס לעבען.

דער חזן איז געווען א מענש מיט א ווארים יודיש הארץ. ער האט געזעהן, אז דער בחור זאל ווייטער שוין ניט ליידען קיין נויט. ער האט איהם אליין אוועקגעפיהרט אין גרעסטען בית־המדרש, וואס איז געווען רייך מיט ספרים און וואו ס׳האבען געדאווענט די „פני־העיר״. דער ליטווי־שער 17־יעהריגער בחור האט דארט שטארק אויסגענומען. יונגע־לייט לומדים האבען זיך אנגעהויבען ווענדען צו איהם מיט שווערע שאלות אין לערנען.

מיט דער צייט האָבען עטליכע גבירים איהם געבעטען, ער זאָל לערנען מיט זייערע דערוואַקסענע קינדער און דערפאַר גוט בעצאָהלט.

אבראַמאָוויטש האָט זיך אָבער נישט געקאָנט בעגנוגען מיט דעם אליין, וואָס ער האָט שוין מעהר נישט געפיהלט קיין הונגער און איז געווען פער־זאָרגט מיט עסען. וואָס ווייטער האָט ער אַלץ מעהר אָנגעהויבען צו פיהלען א גייסטיגען הונגער. דער השכלה־גייסט, וואָס האָט אָנגעהויבען דאַמאָלט ארומצושוועבען אין דער לופטען, האָט געפונען זיין וועג צו דער יונגער בעגאַבטער נשמה אין דער געשטאַלט פון א שטאַרקען אונגעהויערען דאָרשט צו קענען און וויסען אַלע אנדערע זאכען, אחוץ דער טרוקענער גמרא מיט מפרשים, צו ענטוויקלען און בילדען זיך. נאָר ווי בילדעט מען זיך אָהן א שום וועג־ווייזער? וואו קריגט מען די נויטיגע ביכער דערצו? דאָ איז איהם געקומען צופעליגע הילף גאָר פון אזא צד וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט ריכטען. אין יענעם בית־המדרש איז געזעסען און געלערענט אַנ־אַלטער יוד, ר׳ אברהמ׳צי, זעהר א פרומער און א בכבוד׳ער, איינער פון די אמת־שענע יודען, וואָס האָט דערנאָך געדיענט ר׳ מענדעלי׳ן פאר א מוס־טער אויף אויסצומאָהלען דאָס שענע סימפּאַטישע בילד פון ר׳ אברהם מקבל (אין „ווינשפינגעריל"). יענער אַלטער האָט שטאַרק ליעב בעקומען דעם יונגען ליטווישען בחור, און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז דער בחור איז א גרויסער בקי, אחוץ גמרא, אויך אין גאַנץ תנ"ך און א קענער אין דקדוק, האָט ער איהם איינמאָל איינגערוימט א סוד, אז עס וואָלט גע־געווען כדאי, ער זאָל זיך בעקענען מיט דעם גרויסען „בעל־תנ"ך" און „מדקדק" אין שטאָדט. „הערסטו, שלום׳קע שקאָץ — האָט ער איהם שטי־לערהייד גע׳עצה׳ט מיט זיין שטענדיג גוט שמייכעל — וואָלסט זיך גע־מעגט דורכגעהן אמאָל א פארנאכט, קיינער זאָל נישט זעהן, צו יענעם שייגעץ, וואָס קאָן דיר נוצען אין די זאכען. פרומע לייט ווייכען אפילו אין שטאָדט פון יענעם גלוח, דו אָבער מעגסט געהן צו איהם, ער וועט דיך פון דרך הישר נישט אראָבפיהרען, וועסט האָבען, נישקשה, וואָס צו ענ־פערען דעם אפיקורוס".

דער „גלוח" און „אפיקורוס" — דאָס איז געווען דער יודישער פּאָעט א. ב. גאָטלאָבער, וואָס איז אין יענער צייט געווען א לעהרער אין דער קאַמעניצער יודישער „קאַזיאָנע" שול.

פערשטעהט זיך, אז באַלד אויף מאָרגען אָוועגד איז דער יונגער אב־ראַמאָוויטש שוין געווען ביי גאָטלאָבער׳ן, געבראַכט איהם ווייזען מיט האַרץ־קלאַפּינים זיינע „כתבים", די דראַמע, וואָס איז נאָך פערבליבען ביז איצט אָהן א נאָמען, און די שירים. דער פּאָעט האָט מיט א שמייכעל איבערגעקוקט די קינדיש־געשריבענע זאַכען, געזאָגט איהם, אז ס׳איז נאָך דערוויל ניט קיין צייַ־טיגע פרוכט, נאָר געגעבען האָפנונג אויף שפּעטער. אבראַמאָוויטש איז געוואָ־

רען ביי ג. אין שטוב א היימישער, געליהען אָפּט פון זיין ביבליאָטעק ביכער, וועלכע ער האָט ממש געשלונגען, און אונטער דער השגחה פון גאָטלאָבער׳ס טאָכטער האָט ער אָנגעהויבען לערנען דעם רוסישען און דייטשען א׳ב און אויך חשבון. אין קלויז פונדעסטוועגען האָט ער נישט אויפגעהערט צו לערנען גלייך ווי פריהער.

א סך פון די בעלי־בתים אין בית־המדרש האָבען געוואָרפען אַן׳אויג אויף דעם זעהר געראָטענעם בחור און שדכנים האָבען גענומען איהם פאַר־לעגען שדוכים, ביז ער האָט חתונה געהאַט מיט א טאָכטער פון א דאָרטיגען גביר. דער שוועהר איז געווען פון די פאַרנעהמסטע לייט מיט א געוויסער בילדונג, די פרוי אָבער איז א צו פּשוט׳ע געווען, גאָרנישט קיין גלייכע פּאר אבר., וועלכער האָט עס מיט דער צייט אָפען ערקלעהרט דעם שוועהר, און יענער האָט עס אליין אויך פערשטאַנען און מסכים געווען אויף א גט. אַזוי אַז נאָך דריי יאָהר, נאָכ׳ן טויט פון די צוויי קינדער, וואָס ער האָט געהאַט מיט דער פרוי, איז ער זיך צוגאַנגען מיט איהר און מיט דער פאַמיליע איהרער אין גוט־פריינדשאַפט.

ביים שוועהר אין שטוב האָט ער דערוויל אַזוי ווייט דערגרייכט אין קענטעניש, אַז ער האָט דערנאָך אויסגעהאַלטען עקזאַמען אויף לעהרער און באַלד טאַקע פערנומען א לעהרער־שטעל אין קאַמעניצער קאַזיאָנער שול. ער האָט זיך אָבער נישט בעגניגט מיט דער לעהרער־„קאָקאַרדע", וואָס ער האָט געטראָגען. פערקעהרט, ער האָט זיך נאָך מעהר גענומען דעמאָלט מיט חשק צום לערנען שפּראַכען און אַנדערע למודים.

אין יענער צייט האָט אָנגעהויבען אין ליק (אין פּרייסען) ארויסגעהן די ערשטע העברעאישע צייטונג „המגיד", און דאָרט האָט זיך אין 31טען נומער פון ערשטען יאָהרגאַנג (פון כ״ג תמוז תרי״ז) אָבגעדרוקט דער ערשטער אַרטיקעל פון אבר. מיט׳ן נאָמען „מכתב על דבר החנוך", גע׳חתמ׳עט „ש״י בן חיים משה אבראַמאָוויטש", מיט א הסכמה־בריעף דערצו פון זיין „לעהרער" גאָטלאָבער, אַז דער מאמר האָט דעם ווערט נישט נור צו ווערען אָבגעדרוקט, נאָר אויך איבערגעזעצט אויף דער לאַנדס־שפּראַך, „כדי להראות העמים והשרים את יפיו".

ס׳איז כדאי איבערצוגעבען אין קורצען די געשיכטע פון דעם ערשטען געדרוקטען אַרטיקעל. אבראַמאָוויטש האָט בעקומען א בריעף פון זיינעם א עלטערן ברודער, א מלמד ערגיץ אין א קליין שטעדטיל, וואו ער קלאָגט זיך שטאַרק אויף זיין ביטערע פּרנסה, וואָס איז איהם ממש מקצר די יאָהרען. אַלס ענטפער האָט אבר. אָנגעשריבען א גרויסען בריעף, וואו ער בעווייזט איהם, אַז אויב ער בייזערט זיך און שרייט כסדר אויף זיינע תלמידים, איז קיינער ניט שולדיג. נור ער טאַקע אליין, ווייל ער איז דערצו, ווייזט אויס, נישט געשאַפען, און דערביי ערקלערט ער איהם אויך, וואָס הייסט אַזוינס

דער ענין פון „חנוך“ און וואָס פאָדערט זיך פון א גוטען קינדער־ערציהער. פון דעם בריעף האָט ער נור א קיצור דעם ברודער אוועקגעשיקט און דער גאַנצער בריעף איז פערבליבען ביי איהם. איינער פון זיינע גוטע פריינד, ר׳ יוזיל גינזבורג׳ס סעקרעטאר, האָט עס דערזעהן ביי איהם, איז איהם די זאַך געפעלען געוואָרען און ער האָט עס אוועקגעשיקט גאָטלאָבער׳ן (וואָס איז שוין דעמאָלט געווען א לעהרער אין אַלט־קאָנסטאַנטין), און יענער האָט צוגעשריבען זיין הסכמה, און אזוי איז עס אוועקגעשיקט געוואָרען אין „המגיד“, וואו ס׳איז גיך אָבגעדרוקט געוואָרען.

מען דארף זעהן דעם ערשטען יאָהרגאַנג „המגיד“, וואָס קומט היינט אוים ביי אונז אין די אויגען אזוי משונה־ווילד, פול מיט קוריאָזען, איינס גרעסער פונ׳ם אַנדערן — צו פערשטעהן דעם איינדרוק, וואָס אבראמאָ־וויטש׳עס ארטיקעל האָט געדארפט דעמאָלט מאַכען אויף די מעהר ענט־וויקעלטע לעזער. צווישען א שטאַמלען פון נאַאיווע קינדער און גלאַט אזוי פּלאַפּלעריי, מיט א לשון פון „סוחר׳ישע בריעף“ (דער רעדאַקטאָר זילבערמאַן אליין פלעגט אָפט בענוצען, ווען ס׳איז איהם אויסגעקומען איינג, גאָר פשוט דייטשע ווערטער) אָדער גאָר הויכע קנאַקענדיגע מליצות, — הערט מען פּלוצים א קול פון א דערוואַקסענעם ענטוויקעלטען מענשען און פרישע ווערטער צו דער זאַך, מיט א גלאַט לשון אָהן איבעריגע פערדרעהטע מליצה־פראַזען, און אַזעלכע נייע געדאַנקען פאַר יענער צייט, אז א גוטער לעהרער דארף גאָר קענען די נשמה פונ׳ם קינד מיט אַלע איהרע איינגענשאַפ־טען און גייסטיגע קרעפטען א. ד. ג. נישט אומזיסט איז דער מאמר אין „המגיד“ בעמערקט געוואָרען פונ׳ם געוויסען יודישען געלעהרטען אין יע־נער צייט ל. מאַנדעלשטאַם, און ווען יענער איז דערנאָך דורכגעפאָהרען אין דער געגענד צוזאַמען מיט׳ן בילדונגס/מיניסטער און מען האָט איהם פאָרגעשטעלט אבראמאָוויטש׳ן, האָט ער זיך געוואונדערט, וואָס ער זעהט פאַר זיך נאָך גאָר א יונגען־מאַן, געמיינט האָט ער, אז דער מחבר פון דעם ארטיקעל מוז זיין א געלעהרטער שוין אין די עלטערערע יאָהרען. מאַנדעל־שטאַם האָט איהם דעמאָלט געראַטען אוועקוואַרפען די לעהרעריי און אוועק־פאָהרען קיין פּאַדוא (אין איטאַליען) און אריין אין די דאָריטעג בעריהמטע ראַבינער־שוהל, און ער פון זיין זייט האָט איהם צוגעזאָגט זיך משתדל צו זיין, ער זאָל בעקומען א סטיפּענדיע דערויף פון דער רוסישער רעגירונג. דער פּלאַן האָט אָבער נישט געקאָנט אויסגעפיהרט ווערען, און צוליעב פּער־שיעדענע אומשטענדען איז אבראמאָוויטש איבערגעפאָהרען מיט א יאָהר שפּעטער (אין יאָהר 1858) קיין בערדיטשעוו. דאָרט האָט ער גענומען זיין צווייטע פרוי, די טאָכטער פון אַנ׳אָנגעזעהענעם נאָטאַריוס, זלמן לעווין, וואָס בעגלייט איהם אין לעבען ביז היינטיגען טאָג. און ער איז געוואָרען א בער־דיטשעווער תושב.

## 6

איצט ערשט האָט זיך אבראמאָוויטש גענומען גאָר ערנסט צו ליטעראַ־רישער ארבייט. דער שוועהר האָט פון איהם אראָבגענומען אינגאַנצען די דאגת פרנסה, און ער האָט זיך געקאָנט אָבגעבען אין זיין קאַבינעט מיט דער ארבייט בייַם שרייב־טיש, צו וועלכער ס'האָט איהם אַזוי געצויגען. אין א פּאָר יאָהר ארום האָט זיך אָבגעדרוקט אין ווילנא (אין יאָהר תר"ב) דאָס ערשטע ווערק זיינס מיט'ן נאָמען „משפט שלום", א קליינע זאמלונג פון קריטישע און צייט־ארטיקלען מיט א ביסעל חקירות און שירים. דאָס קליינע ביכעל האָט אין זיין צייט אָנגעמאַכט א גרויסען רעש, בעזונדערס מיט'ן ערשטען ארטיקעל „קלקול המינים", וואָס בעשטעהט פון א הארבען קריטיק איבער צווייפעל'ס א ספר פון שירים „מינים ועוגב". ביז דעמאָלט, מען מעג זאָגען, איז נאָך קיין סימן פון דעם, וואָס מען רופט אָן „קריטיק", נישט געוועזען אין דער יודישער ליטעראַטור. אייגענטליך איז נאָך דעמאָלט גאָר אין גאַנצען די נייע יודישע ליטעראַטור כמעט ווי נישט געוועזען. זעל־טען־זעלטען וועו ס'איז ארויס אויף דער ליכטיגער וועלט א נייער ספר, און אַז עס האָט זיך נור געוויזען עפּיס א מין ניי ביכעל, האָט מען געהאַלטען אין איין לויבען עס און „גאַנץ הלל" זאָגען אויף דעם. פּלוצים קומט א יונגער שרייבער מיט א שעהנער שפּראַך פון א געלעהרטען און פערגינט זיך ארויסטרעטען מיט א שאַרפער קריטיק געגען א מחבר שוין א מפורסם, און ריהרט אָן אגב אַנדערע מיני שרייבער אויך — אודאי האָט זיך אויפגעריהרט דאָס יודישע וועלטיל און קולות פון הייסער פּאָלעמיק האָבען זיך געלאָזט הערען אין די צייטונגען „המליץ" און „הכרמל", וואָס האָבען אין יענער צייט אָנגעהויבען צו ערשיינען.

נאָכדעם האָט ער זיך גענומען מיט חשק צו זיין גרויסער ארבייט „תולדות הטבע", מיט וועלכער ער האָט זיך בעשעפטיגט שענע עטליכע יאָהר. אָנשטאָט צו פּרעדיגען פּאַר'ן עולם, זאָגען השכלה־מוסר, שרייען אויף קולות „שמע ישראל, שטעה־אויף, מיין פּאָלק"; א. א. וו., אָנשטאָט צו לויבען די השכלה, די „בת אלהים", אין הימעל אריין, און שיטען מיט פייערדיגע מליצות וועגען בילדונג, ווי ס'איז געווען דער מנהג דעמאָלט ביי די משכילים, וואָס האָבען געהאַלטען א פּען אין דער האַנד, — האָט אבראמאָוויטש געפונען בעסער פאַר נויטיג צו געבען דעם עולם די בילדונג אליין, ד. ה. די נאַטור־וויסענשאַפט, מיט וועלכער ער אליין האָט זיך פיעל בעפעטיגט פון דער ערשטער צייט אָן, וואָס ער האָט אָנגעהויבען זיך צו בילדען, איבערהויפּט זינט ער איז געקומען צו דער מדרגה צו פער־שטעהן א דייטשען בוך. דאָס בוך „תולדות הטבע" איז ארויס אין דריי

טייל. דער ערשטער טייל האָט זיך געדרוקט אין לייפּציג אין יאָהר תּרכ״ב (1862). דאָס איז געווען נישט מעהר ווי אַן איבערזעצונג אויף העברעאיש פון לענצ׳ס נאַטור־געשיכטע. דער מחבר האָט געקראָגען דערויף שטיצע 500 רובל פון דער רעגירונג, וועלכע האָט אין יענער צייט, גאַרנישט ווי היינט, געזוכט מיטלען ווי אזוי צו בילדען די יודען... מיט פיער יאָהר שפּע־טער האָט זיך אָבגעדרוקט שוין אין זשיטאָמיר דער צווייטער טייל, און נאָך אין זעקס יאָהר ארום, אין ווילנא, דער דריטער טייל. די לעצטע צוויי טיילען זענען שוין נישט געווען קיין הוילע איבערזעצונג פון לענץ, נאָר בע־ארבייט זעלבסטשטענדיג פון פערשיעדענע בעסטע קוועלען פון יענער צייט, און די שפּראַך דאָרט איז אויך פיעל גלאַטער און בעסער ווי אין ערשטען. די ביכער „תולדות הטבע״ האָבען ממש געעפענט די אויגען פון אַ סך יודישע לעזער, יונגע־לייט און אויך עלטערע האָבען זיי געשטודירט מיט גרויס הנאה; און „מבינים״ האָבען בעוואונדערט די גרויסע בקיאות אין תלמוד און מדרשים און די חריפות וואָס דער מחבר האָט ארויסגעוויזען ביים שאַפען נייע טערמינען און אָנרופען מיט בעשטימטע נעמען פערשיע־דענע בעלי־חיים.

אבראמאָוויטש האָט נאָך אָבגעדרוקט אין „המליץ״ צוויי גרויסע פּוב־ליציסטישע מאמרים, וועלכע ער האָט דערנאָך פערבעסערט און ארויסגע־געבען אין אַ ביכעל מיט׳ן נאָמען „עין משפט״ (זשיטאָמיר 1867), און וואו עס געפינען זיך גוטע געדאַנקען אין אַ שענער קלאָרער שפּראַך וועגען דער יודישער ליטעראַטור, יודישע שולען און בכלל וועגען דער יודישער לאַגע, — און מיט דעם, מעג מען זאָגען, האָט זיך פערענדיגט זיין ארבייט אלס געלעהרטער און פּובליציסט.

אלס ב ע ל ע ט ר י ס ט האָט אבראמאָוויטש אויך פריה אָנגעהויבען צו ארבייטען. אין דערזעלבער צייט, וואָס ער האָט זיך אזוי אָבגעגעבען איינגאַנצען צו זיין „תולדות הטבע״, האָט ער געמוזט אָברייסען אַ שטיקעל צייט צו פּרובען מאָהלען דאָס יודישע לעבען פון יענער צייט. ער האָט נאָך נישט געקאָנט פיהלען דעמאָלט, אַז צו ד ע ר ארבייט איז ער ווירקליך געשאַפען און אין דעם ליעגט זיין גאַנצער כח, נאָר געצווינגען האָט עס איהם, פון דער ערשטער צייט אָן, וואָס ער האָט זיך גענומען צום שרייבען, צו האַפען אַ מאָל אַפּינזעל און מאָהלען בילדער פון׳ם יודישען לעבען, וואָס איז איהם אזוי בעקאַנט. און אזוי האָט ער ארויסגעגעבען זיין ערשטען „ספור־אהבים״, ד. ה. ראָמאַן, „למדו היטב״ (וואַרשוי 1862). דאָס איז איינענטליך עטליכע קאַפּיטלען פון אַ גרעסערער ערצעהלונג, וואָס האָט זיך אָבגעדרוקט אינגאַנצען ערשט מיט זעקס יאָהר שפּעטער, מיט׳ן נאָמען „האבות והבנים״ (אָדעס, 1868), און איז אַרוים אין זעלבען יאָהר אין אַ רוסישער איבערזעצונג פון בינשטאָק.

דעם ערשטען בעלעטריסטישען פּרוב פון אבראַמאָוויטשען קען מען נישט רעכענען פאַר שטאַרק געלונגען. אמת, אין יענער צייט איז דאָס אויך געווען אַ וויכטיגע ערשיינונג, נאָר אבראַמאָוויטש האָט נאָך נישט געפונען זיין געוויגשטען סטיל („האבות והבנים" איז נאָך געשריבען אין ריין ביבלישער שפּראַך), זיין ריכטיג איהם צוגעפּאַסטען אַרט שרייבען. ווען ער האָט זיך דורכגעשלאָגען און איז אַרויס אויף זיין אמת'ן וועג, האָט ער זיך פאַר די לעזער בעוויזען אין דער געשטאַלט פון **מענדעלי מוכר־ספרים.**

---

## 7

בעוויזען האָט זיך מענדעלי מוכר־ספרים צום ערשטען אין פּראָסט יודישען. אַראָבלאָזענדיג זיך פונ'ם הויכען באַרג אין טיעפען טאָל, נעהמען שרייבען אין יענער צייט פּשוט זשאַרגאָנישע מעשיות פאַר'ן פּראָסטען עולם, בפרט פאַר אַזאַ שרייבער מיט אַזאַ נאָמען ווי אבראַמאָוויטש האָט שוין געהאַט אין דער יודישער ליטעראַרישער וועלט — צו דעם האָט מען געדאַרפט האָבען אַ בעזונדער גבורה און דרייסקייט; וואָס האָט דעמאָלט געגרעניצט כמעט מיט אַ ליטעראַרישען זעלבסטמאָרד... ווער האָט דעמאָלט געשריבען זשאַרגאָן? אויסער מיני „בבא־מעשיות", זענען אַרומגעגאַנגען צווישען פּראָסטען עולם נור אייזיק־מאיר דיק'ס קליינע ביכלעך, וואָס האָבען אייגענטליך גאָר ווייניג שייכות געהאַט מיט ליטעראַטור און האָבען מעהרסטענטייל נור דידאַקטישע צוועקען געהאַט *). וואָס האָט בעוועגט אבראַמאָוויטש'ען נעהמען שרייבען פּראָסט יודיש? ער אליין (אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע בעמערקונגען אין סאָקאָלאָוו'ס „ספר זכרון") ערקלערט עס פּשוט דערמיט, וואָס ער האָט זיך אומגעקוקט און בעטראַכט, אַז דאָס רוב פונ'ם פאָלק פערשטעהט נישט העברעאיש, נור „יודיש־דייטש", און דעריבער האָט ער זיך בעשלאָסען אָוועקלעגען די בושה אין אַ זייט און שרייבען פּשוט יודיש, כדי נוצליך צו זיין מיט'ן שרייבען אויך דעם פּשוט'ן עולם. מען קאָן רעכענען, אַז אויסער דעם דאָזיגען טעם האָט איהם אפשר אָהן זיין בעוואוסטזיין, אויך דער קינסטלערישער גייסט זיינער געטריבען

---

*) פּאַפּירנאָ און זיינע אויבענדערמאָהנטע „זכרונות" דערצעהלט, אַז אויף זיין שאלה, וואָס ער האָט געשטעלט דיק'ן, פאַרוואָס ער בענוצט אין זיין שרייבען דעם אָרימען מגושם'דיגען זשאַרגאָן אָנשטאָט דעם שענעם העברעאיש, האָט ער בעקומען אַנ'ענטפער: „צעוואָרפען אַנ'אַלטען בנין קאָן מען נור מיט קלעפּ פון אַ גראָבען האַמער, נישט דורך שטעך פון אַ דינער גילדערנער שפּילקע".

דערצו, ער זאָל נעהמען מאָהלען לעבעדיגע בילדער אין דער שפּראַך פון'ם לעבע גופא...

ווי ס'איז, האָט ער אָנגעשריבען די ערשטע ערצעהלונג אין יודישען און אָבגעדרוקט זי פריהער אין צעדערבוים'ס „קול מבשר" און דערנאָך ארויסגעלאָזט אַ בעזונדער בוך: „דאָס קליינע מענשעלי, אָדער אַ לעבענס־בעשרייבונג פון אברהם יצחק תקיף, געדרוקט בהשתדלות מענדעלי מוכר־ספרים" **) (אָדעס, 1864).

„דאָס קליינע מענשעלי" האָט געמאַכט אין זיין צייט אַ גרויסען רושם אויף די לעזער און ס'איז גיך ארויס דערפון אַ דריטע אויסגאַבע, און שפּעטער מיט איניגע יאָהר — אַ פיערטע, „גאָר אינגאַנצען אויף דאָס ניי איבערגעמאַכט" (מיט פיער יאָהר צוריק איז עס ארויס ווידער אויף דאָס ניי אין אָדעסער „יובילי־אויסגאַבע").

נאָכדעם האָט זיך שוין נישט אויפגעהערט די „השתדלות" פון מענ־דעלי מוכר ספרים ארויסצוגעבען אין יודישען אַלע מאָל נייע ביכער. נאָכ'ן „קליינעם מענשעלי" האָט ער ארויסגעלאָזט אויף דער וועלט „דאָס ווינש־פינגעריל, וואָס מיט דעם קען איטליכער מענש דערגרייכען אַלץ, וואָס זיין האַרץ ווינשט און בעגעהרט און קען דורך דעם נוצליך זיין זיך און דער וועלט" (געדרוקט אין ווארשוי, וואהרשיינליך, אין יאָהר 1865). „דאָס ווינשפינגעריל" אינ'ם ערשטען גלגול איז געווען גאָר אַ קליין ביכעלע, וואָס האָט ערשט בעדאַרפט דיענען, ווייזט אויס, פאַר אַ הקדמה צו אַנדערע ספרים וועגען חכמות און וויסענשאַפטען, ווייל דער מחבר זאָגט דאָרט צום סוף פונ'ם ביכעל: „אין אוניווערסיטעט האָב איך צום סוף געפונען דאָס ווינשפינגעריל, נישט דאָס פּוסטע חימערישע ווישפינגעריל א. ז. וו. מיין ווינשפינגעריל איז עפּיס וואָס אַנדערש. דאָס איז די חכמה! מיט חכמה קען דער מענש דערגרייכען אַלסדינג וואָס ער ווינשט און ז. וו. אין דעם ספר האָב איך מיר פאָרגענומען צו בעשרייבען פּראָסט אין אַ גרינגער שפּראַכע די אַלע חכמות און וויסענשאַפטען, וואָס דורך זיי קען איטליכער מענש זוכה זיין צו דעם אמת נאַטירליכען „ווינשפינגעריל". און פון דעם קליינעם קערענדיל איז אין פיעל יאָהר ארום אויסגעוואַקסען אַזאַ וואונ־

**) אבר. אַליין האָט זיך אָנגערופען אין „קליין מענשעלע" „סענדעריל מוכר־ספרים" (פון דער יוגענד האָט ער געדענקט איינעם אַ סענדעריל מוכר ספרים, וואָס פלעגט אַמאָל אַראָבקומען קיין קאַפּוליע), נאָר צעדערבוים, וואָס זיין נאָמען איז אויך געווען סענדער, האָט געפונען, אַ פּנים, אין דעם עפּיס אַ אום־כבוד פאַר זיך און האָט משנה השם געווען אויף מענדעלי מו"ס — און פון דעמאָלט־אָן איז שוין אַזוי פער־בליבען דער נאָמען מענדעלי מוכר ספרים.

דער־שענער בוים, ווי דאָס איבערגעמאַכטע „ווינשפינגעריל“ (אין העב־רעאישען „בעמק הבכא“), איינס פון מענדעלי׳ס גרעסטע און בעסטע ווערק.

מענדעלי׳ס סאַטירישער טאַלאַנט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויס־ווייזען אין די ערשטע צוויי ווערק זיינע אין יודישען, האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערבעסערט און בעקומען מעהר קראַפט און זאַפט. אין יאָהר 1869 איז אַרויס אין זשיטאָמיר „פישקע דער קרומער, אַ מעשה פון יודישע אָרימע־לייט“. די מעשה האָט ער אויך, גלייך ווי „דאָס ווינש־פינגעריל“, אין אַ צייט אַרום גאָר איינגאַנצען איבערגעמאַכט און אַרויס־געלאָזט אַ אמת־מייסטער־ווערק (אָדעס, 1888). בעקאַנט האָט ער זיך מיט׳ן לעבען פון די אָרימע־לייט נאָך אין דער יוגענד, אַרומפּאָהרענדיג אַ גאַנצען זומער מיט אברהמ׳יל דעם הינקעדיגען; נאָר גאָר נאָהענט האָט ער זיך צוגעקוקט צו דעם בעזונדער וועלטיל אין בערדיטשעוו גופא, וואו עס פלעגען זיך צונויפקומען יודישע בעטלער פון דער גאָרער וועלט און פון אַלערליי מינים: פוס־אָרימע־לייט און בויד־אָרימע־לייט, שטאָדט־אָרימע־לייט און פעלד־אָרימע־לייט א. ז. וו. ער פלעגט אָנשפּאַרען אליין אין אַלע זייערע פערוואָרפענע אכסניות, ליעב האָבען אויספרעגען זיי פון אַלץ, וואָס עס געהט פאָר ביי זיי אין זייער משונה וועלט. און אַז ער נעהמט מאָהלען די בילדער פון זייער לעבען, קומען זיי אַרויס לעבעדיג פאַר דעם לעזער, גלייך ווי זיי שטעהען פאַר זיינע אויגען.

אין דעם זעלבען יאָהר האָט מענדעלי אָבגעדרוקט אויך אין זשיטאָמיר „די טאַקסע אָדער די באַנדע שטאָדט־בעלי־טובות“ (דערנאָך איז עס אַרויס אין אַ זעהר ניט־געראָטענער רוסישער איבערזעצונג). דאָ האָט ער אַרויס־געפיהרט אויף דער סצענע די געוויסע „טובי העיר“, פרומע כשר׳ע יודען, „בעלי־צדקות איבער אַ פרעמדער קעשענע“, און נאָך אַנדערע „שענע יו־דען“ רעדעל־פיהרער, וואָס פיהרען די גאַנצע שטאָדט ביי דער נאָז און ציהען ביים עולם דעם מאַרך פון די ביינער. אומ׳ברחמנות׳דיג רייסט ער פון זיי אַראָב די פרומע מאַסקע און ווייזט זיי הוילערהייד, ווי זיי שטעהען און געהען, מיט זייער גאַנצער פּראַכט און חן־גריבעלעך, מיט אַלע זייערע תנועות און העויות. „די טאַקסע“ האָט אויפגעריהרט דאָס גאַנצע בערדיטשעווער וועלטיל, עס האָט געהוידעט און געקאָכט. די „שענע יודען“ האָבען אין שפּיגעל אַליין דערקענט זייער שענע צורה, און אַלע האָבען אָנגעהויבען טייטען אויף זיי מיט די פינגער און בענוצען דערביי זעהר אָפט שאַרפע ווערטער און ווערטלעך פון דער „טאַקסע“. פערשטעהט זיך, אַז די בערדיטשעווער „טובי העיר“ האָבען אַזאַ זאַך נישט געקאָנט אַראָב־שלינגען און לאָזען דעם מחבר צו־רוהע, בפרט אַז די זאַך איז דערגאַנגען צו דער הויכער נאַטשאַלסטווע פון דער געגענד. אודאי האָבען זיי גענומען

ארויסוווייזען זייער געפיהל צום בעשרייבער פון דער „טאקס-ע" אויף זייער שטייגער, — אזוי אז מענדעלי מוכר ספרים האָט געמוזט פערלאָזען אינגיכען דאָס געבענשטע בערדיטשעוו און איבערפאָהרען מיט זיין פאַמיליע קיין זשיטאָמיר.

8.

אין זשיטאָמיר האָט מענדעלי פערגעסען אין דער טאַקסע און די בערדיטשעווער קהל׳ס-לייט, און זיך גענומען ווידער ערנסט צום לערנען און גרייטען זיך צום עקזאַמען, כדי צו בעקומען סמיכות אויף ראַבינער פון דאָרטיגער ראַבינער-שול. נאָכדעם ווי ער האָט בעקומען דעם געוווּנשטען אַטעסטאַט, האָט ער זיך ווייטער איבערגעגעבען אינגאַנצען צו ליטעראַרישער ארבייט, און אין אַ קורצער צייט האָט ער ארויסגעלאָזט אויף דער וועלט „די קליאַטשע אָדער צער-בעלי־חיים, אַ מעשה, וואָס האָט זיך פערוואַלגערט צווישען די כתבים פון ישראליק דעם משוגענעם" (ווילנא, 1873).

נאָך אין די פריהער געדרוקטע זאַכען האָט מענדעלי ליעב געהאַט אַפּטמאָל צו בענוצען זיך מיט אייגענע פּסוקים אזעלכע, וואָס זענען אויסען נאָך אַ בעהאַלטענע כונה אויסער די אָפענע און אחוץ דעם פּשט דאַרף מען געפינען אין זיי אויך אַ רמז. און „די קליאַטשע" איז שוין פון אָנהויב ביז׳ן סוף הוילע רמז, אַנ׳אַלעגאָריע אויף דער כנסת־ישראל אין גלות. באַלד ווי „די קליאַטשע" איז ארויס, איז זי געוואָרען שטאַרק בעוואוסט און בעליעבט ביי די לעזער פון פערשיעדענע קלאַסען און געמאַכט דעם מחבר אַ גרויסען נאָמען אין פאָלק.

אינגאַנצען אַנ׳אַלעגאָרישע זאַך איז אויך די פּאָעמע „דאָס יודעל", אַ ספּור־המעשה אין שירים מיט אַ משקל פון עלף תנועות, מיט אַ מאָטאָ: „אַך, יודעל, מיין קראַנקער יודעל, דיין לעבען איז זעהר אַ טרויעריג לידעל" (וואַרשוי, 1875), וואו עס ווערט איבערגעגעבען אינקורצען די גאַנצע געשיכטע פון יודישען פאָלק פון מתן־תורה ביז מענדעלסאָנ׳ס צייטען. אין דער איצטיגער נייער יודישער „יובילעי־אויסגאַבע" וועט „דאָס יודעל" ארויס אויף דאָס ניי איבערגעמאַכט גאָר אינגאַנצען.

אין דער אמת׳ן אָבער ליעגט מענדעלי׳ס קראַפט נישט אין אַזעלכע מיני אַלעגאָריעס, און נאָך פיעל מעהר נישט אין די אַנדערע מיני אַרבייט, מיט וועלכע ער האָט זיך יענע צייטען בעשעפטיגט, ווי „זמירות ישראל" — שבת׳דיגע זמירות פאַרטייטשט אין שירים און גוט דערקלערט, בכדי איטליכער יוד בעזונדער זאָל פאַרשטעהן זייער טייערען ווערטה, ווי שען זיי זענען אַ גאָטס וואונדער" (זשיטאָמיר, 1875), ווי אויך „פּרק שירה" איבערעצט אויף יודיש אין גראַמען מיט אַ משקל פון עלף תנועות (אין

זעלבען יאָהר), אין וועלכען ס'איז אריינגעלעגט אַ סך בקיאות און חריפות.

דערפאר אָבער האָט מענדעלי ארויסגעלאָזט דערנאָך אַ סאַטיריש מייסטער־ווערק „קיצור מסעות בנימין השלישי, דאָס הייסט די נסיעה אָדער אַ רייזע־בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען, וואָס איז אויף זיינע נסיעות פארגאנגען העט ווייט אַזש אונטער די הרי חשך און האָט זיך געַ־נוג אָנגעזעהן און אָנגעהערט חידושים שענע זאכען, וואָס זענען ארויס־געגעבען געוואָרען אין אַלע שבעים לשונות און היינט אויך אין אונזער לשון" (ווילנא, 1878). אין „מסעות בנימין השלישי" האָט מענדעלי'ס סאַטירישער טאַלאַנט דערגרייכט, מעג מען זאָגען, ביז זיין העכסטען גראד. שפעטער איז דאָס ווערק ארויס אין פויליש מיט'ן נאָמען „דער יודישער דאָן־קישאָט" (ווארשוי, 1885), איבערזעצט פון אַ פוילישען שרייבער קלעַ־מענס יונאָשו, וואָס האָט זיך גענומען גרינדליך אויסלערנען יודיש כדי צו זיין אימשטאַנד איבערצוזעצען מענדעלי'ס ווערק אין פוילישער שפּראַך. דערזעלבער יונאָשע האָט אין אַ יאָהר נאָכדעם אויך ארויסגעגעבען אַ אי־בערזעצונג פון דער „קליאַטשע".

מיט „מסעות בנימין השלישי" האָט אויף אַ היבשע צייט ווי אויס־געטריקענט מענדעלי'ס גייסטיגער קוואַל. ער האָט אוועקגעלעגט די פען אין אַ זייט און האָט גאָרנישט געשריבען, ווייל ער האָט נישט געקאָנט שרייבען צוליעב שווערע אומשטענדען אין זיין לעבען. אין דער הקדמה צום „פּריזיוו", וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען עטליכע יאָהר שפעטער, שרייבט ער צו זיינעם אַ גוטען פריינד וועגען יענער צייט אזוי: „די צרות אין דער לעצטער צייט האָבען פערשטיינערט מיין הארץ, אזוי אז די צונג האָט זיך מיר נישט געלעגט צו ריידען און די האנד צו שרייבען אַ וואָרט. דאָס איז אַזאַ שווייגען, וואָס מאכט זיך מיט אַ מענשען, ווען שטארקע יסורים טרעטען־צו מיט אמאָל און קאָסט איהם געזונד און לעבען אַ סך מעהר ווי קרעכצען און וויינען מיט בלוטיגע טרעהרען; וואָס אויב אזעלכעס געדויערט אָהן עפּיס אַ הילף פון דער זייט, איז מען אין אַ גרויסער סכנה צו ווערען אוים מענש".

אין יאָהר 1881 איז אבראמאָוויטש איבערגעפאָהרען פון זשיטאָמיר קיין אָדעס אויף דער שטעל פון משגיח און פיהרער פון דער תלמוד־תורה, וועלכע ער פערנעהמט ביז איצט.

---

### 9.

מענדעלי מוכר־ספרים האָט באַלד נאָך זיין קומען קיין אָדעס ווידער אויפגעלעבט און זיך אומגעקעהרט מיט גרוים חשק צו זיין שרייב־טיש,

וואָס איז געווען פערלאָזען פון איהם עטליכע יאָהר כסדר. ווידער „האָט אין איהם זיך געעפענט אַ פרישער קוואַל הייסע געפיהלען און איהם אַ ברען געטאָן אויסצוגוצען זיי אין ווערטער פריי פאַר דער גאַנצער וועלט" — און צום יום־טוב פון זיין 25־יעהריגען ליטעראַרישען יובילײ (זינט ס'איז אַרויס זיין „משפט שלום"), האָט ער געבראַכט פאַר די יודישע לעזער אַ טייערע מתנה, אַ דראַמע אין פינף אַקטען „דער פריזיוו" (פעטערבורג, 1884). נאָכדעם האָט ער זיך גענומען מיט אַ בעזונדער ברען און מיט אַ פרישער יוגענד־קראַפט צו דער אַרבייט. אויסער וואָס ער האָט געשריבען נייע זאַכען, האָט ער אויך איבערגעאַרבייט די אַלטע גאָר אויף דאָס ניי, אַנדערע פון זיי האָט ער אַזוי איבערגעמאַכט, אַז חוץ דעם אַלטען נאָמען איז פון פריהער כמעט גאָר נישט געבליבען (צב"ש „דאָס ווינשפינגעריל").

אין דער צייט האָט ער זיך אומגעקעהרט ווידער צו דער העברעאישער ליטעראַטור, גענומען שרייבען נייע העברעאישע „ספורי־מעשיות", וועל־כע האָבען זיך נישט אָנגעהויבען אָנצוקעהרען מיט'ן אַמאָליגען „האבות והבנים" און מיט גאָרנישט דערמאַהנט יענעם אַלטען „ספור אהבים", נישט מיט'ן אינהאַלט, נישט מיט'ן אַרט שרייבען און אויך נישט מיט דער שפּראַך. אָנשטאָט דעם „ריין־ביבלישען" לשון, וואָס האָט איהם שוין נישט געקאָנט צופריעדענשטעלען ביים מאָהלען לעבעדיגע בילדער פון הייגטיגע צייטען, האָט ער גענומען אויסנוצען די מעהר לעבעדיגע און ענטוויקעלטע אויסדריקע און פאָרמען פון משנה און אגדה־שפּראַך און קונציג געשאַפען אַ ניי־העברעאישען סטיל, וואָס איז פאַר מענדעלי'ן ווי געוואונשען און האָט אויך געדיענט אַלס מוסטער פאַר די בעסערע יונגע שריפטשטעלער.

צום ערשטען האָט ער זיך בעוויזען מיט זיין נייעם אַרט שרייבען העברעאיש אין „בסתר רעם" (זיך אָנגעהויבען דרוקען אין קאַנטאָר'ס „היום" און זיך איבערגעדרוקט מיט'ן סוף אינ'ם מאַנאַטשריפט „בן עמי", 1888). דערנאָך האָט ער געדרוקט כסדר אין „כורת" („שם ויפת בעגלה"), אין „פרדס" („לא נחת ביעקב", „בימי הרעש", „הנשרפים", „בימים ההם"), אין „לוח אחיאסף" („בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה"). די אַלע זיעבען ערצעהלונגען זענען אַרויס שפּעטער אין אַ בעזונדער זאַמלונג (1900). אויסערדעם האָט ער זיך פערנומען מיט איבערזעצען, אָדער ריכטיגער גע־זאָגט „איבערשאַפען" פון יודיש אין העברעאיש די בעסערע ווערק זיינע, ווי „מסעות בנימין השלישי" (פּרדס 3), „ווינשפינגעריל" („בעמק הבכא" „השלח"), „פישקע דער קרומער" („ספר הקבצנים" — „הדור"), און גאָר שפּעטער „די קליאַטשע" („סוסתי" — „השלח").

אין די לעצטע יאָהרען האָט ער אויך אָנגעשריבען זיין גרעסערע נייע „אַלטע מעשה" „שלמה ר' חיים'ס" (אָנגעהויבען זיך דרוקען אינ'ם „יוד",

1899), דאָס זעלבע אויך אין העברעאישען „חיי שלמה" (אין דער לעצטער העברעאישער אויסגאַבע — „בימים ההם"). דאָס איז אַנ'אָרט לעבענס־בעשרייבונג פון זיך אליין, געמאָהלט אין קינסטלערישע בילדער. די דאָ־זיגע „אַלטע מעשה", אַחוץ איהר הויך קינסטלערישען ווערטה, ענטהאַלט אין זיך אַ גאַנצען אוצר בילדער קלאָהרע און רעליעפע פונ'ם יודישען לעבען, און אויף „שלמה ר' חיים'ס", ווי אויך אויפ'ן פריהערדיגען „ווינש־פינגעריל", וועט מען קאָנען אין די שפּעטערדיגע דורות אָנווייזען די אַלע וואָס וועלען חשק האָבען זיך צו בעקענען נאָהנט מיט'ן יודישען לעבען „אין יענע צייטען": נעהמט לייענט, רבותי — און די ליטווישע שטעדט־לעך, ווי אויך וואָהלינער „קאַבצאַנסק, טונעיאַדעווקע און גלופּסק", מיט אַלע זייערע גאַסען און געסלעך, זייערע הייזער און הייזלעך, און אַלע זיי־ערע יודישע איינוואָהנער, פון קליין ביז גרויס, מיט אַלע „תנועות" ארום און ארום, שטעהען לעבעדיג פאַר אייערע אויגען".

---

מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט מען גענומען מאַכען הכנות צום דאָ־פּעלען גרויסען יום־טוב פון דער יודישער ליטעראַטור, צו מענדעלי"ם 70־יעהריגען יובילייאון 50־יעהריגער ליטעראַרישער אַרבייט. צו יענער צייט האָט מען געזאָלט אַרויסגעבען אַ יובילייאויסגאַבע פון אַלע זיינע יודישע און העברעאישע כתבים. עס זענען אָבער אָנגעקומען די פינסטע־רע אָקטאָבער־טעג פון יאָהר 1905, געמאַכט אַ וויסטען חורבן אין דעם יודישען געהעטאָ אין רוסלאַנד און פערשטערט דעם יום־טוב אויך. ר' מענ־דעלי אליין איז מגולגל געוואָרען קיין זשענעווא (אין שווייץ). אהין איז ער געקומען מיט אַ צובראָכען הארץ פון יודישע צרות און ס'האָט געדויערט אַ שטיק צייט איידער ער האָט זיך בערוהיגט אַ ביסעל און זיך געקאָנט נעהמען ווייטער פאַר זיין אַרבייט. דאָרט, אין דער ווייטער שווייץ, האָט דער „זיידע" געפונען נאָהנטע „אייניקלעך", בעזונדערס צווישען דער סטו־דענטישער יוגענד, וואָס האָבען געוואוסט צו שעצען און אָבגעבען גרויס כבוד דעם טייערען גאַסט. איהם האָט אָבער געצויגען צוריק צו דער אַלטער היים, און נאָך אַ פּאָר יאָהר האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק קיין אָדעס.

פון דער יובילייאויסגאַבע איז דעמאָלט נור ארויס איין באַנד אין יודישען („דאָס קליינע מענשעלי" און „פישקע דער קרומער) און איינער אין העברעאיש („ספר הקבצנים" און „בעמק הבכא"). איצט צום 75־יעהריגען יובילייוועלען ארויס מענדעלי'ס יודישע כתבים (אין 10 טייל) דורך אַ פּריוואַט־פערלאַג אין ווילנא, און פון די העברעאישע געהט

די טעג ארויס דרוך דער ליטעראַרישער חברה אין אָדעס דער צווייטער באַנד („סוסתי", „מסעות בנימין השלישי" און „בימים החם") מיט אַני' ארטיקעל וועגן מענדעלי פון דוד פרישמאַן, און נאָכדעם וועט ארויס דער דריטער באַנד.

און דער אַלטער ר' מענדעלי, „דער זיידע פון דער יודישער ליטע־ראַטור", טראַכט נישט, הויבט גאָר נישט אָן צו טראַכטען פון קיין רוה, אויף וועלכע ער האָט אַ רעכט. ער הערט נישט אויף צו אַרבייטען ווייטער זיין ליטעראַרישע ארבייט פריש און מונטער, מיט יוגענדליכע גייסטיגע קרעפטען, און וויל גאַרנישט אָברוהען אַ ביסעל אויף די פיעל לויב־קרענץ, וואָס ער האָט געבראַכט פון זיין פאַר־אַ־יאָהריגער נסיעה.

די רייזע זיינע פאַר־אַ־יאָהרען סוף זומער אין עטליכע גרויסע יודישע שטעדט (ווילנא, ביאַליסטאָק, ווארשוי און לאָדז) איז באמת געווען אַ טריאומף־רייזע. אַזא כבוד האָט נאָך קיין יודישער שריפטשטעלער ביי יודען נישט געהאַט. מיט אַ יאָהר 25 צוריק האָט מענדעלי'ן אָראָבגעבראַכט קיין ווארשוי זיין פוילישער איבערזעצער יונאַשע און פוילישע ליטעראַטען האָבען געמאַכט אַ גרויסאַרטיגען באַנקעט לכבוד דעם פּערפאַסער פונ'ם „יור־דישען דאָן־קישאָט" און פוילישע צייטונגען האָבען דערצעהלט זיינע שבחים. אונזערע יודען זיינען דעמאָלט געשטאַנען פון דער־ווייטען, גלייך ווי די שמחה איז ז י י ע ר ע, אַ ריין־פוילישע, און יודען האָבען נישט געוואָלט „טאַנצען אויף אַ פרעמדער חתונה"... איצט אָבער האָבען יודען אליין זיך משמח געווען מיט זייער מענדעלי, און וואוהין דער ליעבער גרויסער גאַסט איז געקומען, איז געווען דער גרעסטער יום־טוב, מ'האָט איהם געטראָגען אויף די הענד און הארציגע קולות פון טויזענדער מענ־שען: „יחי מענדעלי!" האָבען איהם בעגלייט דעם גאַנצען וועג.

און געקומען צוריק אהיים, אוועקגעלעגט אָן אַ זייט די מתנות מיט די אַדרעסען, וואָס מ'האָט איהם אין יענע שטעדט אונטערגעטראָגען פון אַלע זייטען, פערגעסען די ימים־טובים, פערגעסען די טיעפע עלטער — און ווידער זיך גענומען גאָר געשמאַק ווי אַמאָל צו דער ארבייט. און ווידער טרעפט מען, קומענדיג צו מענדעלי'ן דעם שענעם גרויען קאָפּ איינגעבויגען איבערן שרייב־טיש; ווידער זעהט מען דעם לאַנגען ווייסען בויגען פאַפּיר מיט פריש אויסגעפּערעלטע, אויסגעשליפענע שורות; ווי־דער הערט מען איהם דערצעהלען מיט יוגענד פייער אין די קורצזיכטיגע ליכטיגע אויגען וועגען אַלטע און נייע פּלענער פון ווייטערדיגע ארבייטען בעלעטריסטישע און אפילו פובליציסטישע איבער ברענענדיגע „צייט־פראגען"...

לאָז ער אונז מאריך־ימים זיין, דער ליעבער, טייערער זיידע, און נאָך לאנגע־לאנגע יאָהרען שענקען דער יודישער ליטעראטור, סיי אין פשוט־יודישען און סיי אין העברעאישען, די טייערע מתנות פון זיין גרויסען, רייכען אַלט־יונגען גייסט.

א פרייד, א שטאָלץ פאר דעם פאָלק, א כבוד און רוהם דער ליטע־ראטור, וואָס האָט א מענדעלי מוכר־ספרים!

אָדעס, סוף נאָוועמבער, 1910.

# דיא אלטע מעשה.

— פון —

# מענדעלי מוכר־ספרים.

---

**אמר מענדעלע** מוכר ספרים, דיא מעשה, וואס איך בין דא אויסען אייך צודערצעהלען, איז אין־פלינק איין אלטע, נאר נישקשה, רבותים, זיא פאסט זיך זעהר גוט צו אונז, יודישע קינדער, אויך אין היינטינע צייטען. מה אנו מה חינו, וואס איז דען, פרעג איך אייך, דאס יודישע לעבען אין־גאנצען? עס איז אין תוך אריין א לאנגע אלטע מעשה, וואס חזרט זיך תמיד איבער אויף־דאס־נייא אונטער פארשידענע פארמען און אנשטעלען, קוים דער מאדע פון איטליכער צייט. אלץ טאקי דיא איינענע מעשה מיט דיא בהלות, אנשיקעניש, קוועטשעניש, יאגעניש־לויפעניש, מיט דעם דולעניש, שפארעניש, פלאנטעניש אויפטהועניש, דרינגעניש, בייסעניש און קאפדרעהעניש. איטליכער דור מיט זיינע חכמים. גוטע, פרומע, וויא אויך אפגעקומענע, נעפאלענע, נעשלאגענע נעביך, און מיט זיינע נאראנים, אויפגעקומענע, נעהייבענע עזות פנימער, עמי־הארצים, קאכלעפעל און דרעהער א שרעק, יענער קרח, וואס א מאל, דער רייכער, דער רעדעלפיהרער, דער אנחאפער, וואס האט זיך נעשטופט צו דער כהונה, צו זיין דער עלטסטער, דער העכסטער — דער קורח איז דא נאך היינט אויך, ער הייסט יאנקיל, בעריל, יאצמיך, שמעריל, מיט א נייעם מין פיטץ; ער שטופט זיך אויך אויבענאן און וויל זיין דאס אויבערשטע פונ׳ם שטייסיל. יענער פארצייטינער סנבלט מיט דער בנופיא רכיכותניקעס, לינגערס, פלאטקעמאכערס, בריות אויף אפצוזאגען אויף דעם אויף יענעם א פזמון, א בכבול, ניט פויל אויף דער פען אנצושרייבען א שיר המעלה, צולייגען א קניטעל, כדי צושטערען דער מיט א געבייא — יענע פיינע

לייט, נישקשה, האט דער רוח נישט צוגענומען בייא אונז אויך אצינד. זייא זיינען דא, זייא וואקסען און שפראצען, ברוך־השם! דער שפיטץ איז טאקי וויא דער פסוק זאגט: מה שהיה, דאס וואס איז געשעהן הוא שיהיה, דאס וועט זיין, נישטא קיין נייעס אונטער דער ליכטיגער זון, יש דבר, ס'איז דא א זאך — קאלאניעס א שטיינער — שיאמר, וואס מען זאגט: זעה, דאס איז נייעס! ניין ברידער, כבר היה, דאס איז שוין לאנג געווען אויף דער וועלט, קוקט זיך, זייט מוחל גוט צו צו דער מעשה דא וועט איהר זעהען, אז יודען איז שוין לאנג דער קאפ געלעגען אין דער ערד . . . איהר וועט אויך זעהען, אז אזוי וויא אימליכע שטאדט האט איהר משוגענעם, איהרע ווייסע חברה, קונדסים ארום איהם, אזוי האט זיא איהר חכם, איהר בעל עצה און איהם אקעגען איהר ווילדען תקיף, א פיינע־בריה, וואס וויל, אויף צולהכעיס, אלץ פארקעהרט, אלץ קאפויר, און איבער דעם איז — אוי אז אך און וועה צו אונז! . . .

## 1.

**דער חכם און בעל עצה אין אונזער שטעטעל איז געוועזן בנימין דער מענש**, פארשריבען איז ער געשטאנען אין דעם רייסטער פון דיא נפשות מיט דער פאמיליע קורנאָסע. מעגליך, אז יענע, פון וועלכע דער שפּיטץ־נאָמען, זיינער שטאמט, האבען געהאט קורצע נעז, נאָר אונזער בנימין׳ס נאָז איז געוועזן נישט ערגער פון אלע יודישע נעז — א לאנגע מיט א האָרביקעל און אויסלאָזענדיג זיך בארג־אראָב מיט א שפּיטץ. דיא פאמיליע זיינע איז אָבער געשטאנען טאקי נאָר אין רייסטער און געהייסען האט ער געוועהנטליך בנימין דער מענש, בנימין האט א מאל ביים בעריהמטען גביר ר׳ יונה יהופיצער געהאט א שיינע שטעלע און איז היבשע עטליכע יאָהר אוועקגעוועזן בייא איהם א מענש. אז דעם גבירס געשעפטען האבען זיך אויסגעלאָזט און בנימין ווערד אויס מ ע נ ש, איז דער נאמען מענש פון דעסטוועגען איהם טאקי געבליבען, אין שטעטעל האט זיך בנימין גערעכענט איינער פון דיא שיינע, יוסטע בעלי־הבתים, זיין שטוב מיט א גרין נאניקעל און א הויכען דאך פון שינדלען איז געשטאנען אין מיטען מארק, פונקט אקעגען דעם רינג קלייטען. שרה זיין ווייב, א הויכע, א דאַרע יודענע מיט א לאנגער דינער נאָז, מיט עטליכע שנירליך פעריל און א גילדענעם אויבעל אויפן האלדז, תמיד אין דער־וואָכען אפילו, פלעגט זיך אָפּגעבען מיט דעם בעל־הבתישקייט, ציהען דיא פּרנסה פון א געהייבען שיינקיל בייא זיך אין שטוב, וואס חוץ בראנפין און פארבייסען האט זיך בייא איהר געפונען ביער, מעד, ווישניק און א געבראָטען גענזיל אויך. דעם סוד פון זייערע אוגערקעס שטעלען האט זיא אליין נאָר געוואוסט: איהר אוגערקע איז געוועזן הארט, שטייף, נישט געביימעלט. בייא איהר אין שיינקעל האבען געטרונקען דיא „פּ י א נ י ה ע י ר“: דער צעכמייסטער, דער גאָלאָווא מיט דעם שרייבער און נאך אזעלכע געהייבענע פארשוינען פון ז י י ע ר קהל. „סאָרקע“ איז בייא זייא גאר קיין קאטאָוועס נישט. נאָר עפּיס—איז צו „סאָרקע,“ פון „סאָרקעס“ א שטיקעל געפילטע פיש לעקען זייא דיא פינגער. פאר סאָרקען איז, בשעת האבענדיג א כוסה אין קאָפּ, אָפּען זייער הארץ, וואס אויף דער לונג, דאס אויף דער צונג. מען האט מיט איהר אָפּט דענסטמאל א ויכוח איבער דער

„נאמנה״, עס לאזט זיך געוועהנטליך אויס מיט נאך א פלעשיל משקה און מען פסקעט מיט א גוט, זיס שמייבעלע: אלע „נאמנה׳ס״ זיינען גוט, אונזערע, אייערע אלץ איינס... אויך חברה־קדישא לייט, להבדיל, אדער עפּיס אונזערע קהלס־לייט, אז זייא האט א מאל געחאלעש דאס הארץ און האבען זיך געוואלט אביסעל קוויקען געביך, פלעגען זייא שיקען נעהמען משקה מיט א געגזיל בייא שרה בנימינס. שרה איז געוועז דיא אשת־חיל און בנימין האט אין דיא עלטערע יאהרען זיך געפיהרט א רוהיג לעבען, אהן קאפּדארעניש, קינדער זיינען איהם נישט בעפאלען, זיינע דרייא טעכטער האט ער שוין לאנג אויסגעגעבען און זייא האבען געלעבט מיט דיא מאנען צופריעדען, וויא גאט האט געבאטען. בייא זיך האט ער געהאט נאר איין־אייניקעל, א יונג מיידיל, זעהר א שיינס, א געראטען קינד וואס איז קינדווייס געבליבען א יתומה נאך זיין איינציגען זוהן. זיא איז איהם געוועז א טרייסט, איינגעבאקען טיף אין הארצען.

בנימין האט געהערט צום סארט איידעלע יודען, וואס דאס איידעלקייט ליגט זייא אויפן פּנים, מען דערקענט באלד אין זייער אויסזעהען, אז זייא שטאמען פון א פיינער משפּחה, דיא תורה שיינט זייא ארויס אין דיא אויגען און אויף דעם הויכען שטערען שטעהט זייא אנגעשריעבען: דאס זיינען גאנץ אלטע, אפּגעקומענע מיוחסים פון דער גילדענער פאן — קינדער פון דיא היילינע אין דער גאנצער וועלט בעריהמטע, טהייערע אבות: אברהם, יצחק און יעקב!...

בנימין איז אויך געוועז א „פאליטשנער״ מענש, א קלוגער, א געניטער, ער האט בעטראכט א זאך גאנץ רוהיג, כפּשטות, אזוי וויא זיא איז, זיך קיינמאל נישט געהיצט, נישט פארגרעסערט וויא אנדערע און געגאנגען תמיד מיט זיין איינענעם דרך. זיין שטייגער ריידען איז געוועז שטיל, עפּיס אויף א בנעימות־היזריגליכער שטימע: האט דערבייא אנגעבוינגען דעם קאפּ מיט האלב־צוגעמאכטע אויגען. גערעדט האט ער קורץ און שארף, אריינוואַרפענדיג א משל, א ווערטיל וויא א בליטץ, וואס האט געטראפען און געפּאסט צום עסק. ער איז געוועז א שוואכער מענש און האט געלעבט דעריבער זעהר בערעכענט, אפּגעהיט דאס געזונט. אין בית־המדרש פלעגט ער קומען דאווגען נאר שבת, זעהר זעלטען אין מיטען דער וואך, אי דאס אויך נאר פארנאכט א מאל צו מנחה. דארט האט ער זיך נישט געשטופּט אויבענאן, אין דער מזרח וואנד, זיין ארט איז געוועהנטליך געוועז אונטערן אויבען. מיט בנימינס קומען פלעגט דער אונטער־אויבען עפּעס וויא בעלעבט ווערען. א רעדעל מענשען פלעגען תמיד שטעהען ארום זיין שטענדער און עס האט זיך געשמיעסט עפּיס אזוי גוט, עפּיס אזוי געשמאק....: און צוליעב בנימ׳נן האב ;

גרשון־אייזיק און דוד־אבא, צוויא שמיקליך חקרנים, פארלאזען זייערע שטעט אין דער שפינגעל־וואנד און זיך בעזעטצט לעבין איהם דארט אין שכנות. דיא ביידע חקרנים — אזוי איז געוועהנליך דער שטייגער געווען — חויבען אן דעם שמיעס, אונזער בנימין זיטצט שווייגענדיג מיט האלב פארמאכטע אויגען און הערט. דער שמיעס ווערט אלץ בריימער, גרעסער, עס מישען זיך אין איהם אריין מענשען פונ׳ם עולם, איטליכער גיט איהם א ציה, א שלעפ אביסעל אין דער זייט און אט קוממ שוין אויס בוידעם, נאר נישט דאס, פון וואס מען האט אנגעהויבען, פלוצלים עפענט בנימין דאס מויל, עס ווערט שטיל, שא! שא! און ער זאגט אפ זיינס, נעצעהלטע ווערטער, וואס טרעפען אין קארב אריין, אלע זיינען מסכים און מאכען מיט אויס־נעצויגענע פנימער: א־א!....

„דעם גאנצען טאג פלעגט בנימין צוברייננגען בייא זיך אין א בעזונדער אלקיר, ארייננקוקען אין א ספר, זיטצענדיג אנגעלעהנט אויף א נעבעט בייגקיל, אין א חאר־לאטיל אין פאנטעפעליך, נאר אליין איז ער במעט קיינמאל נישט געזעסען, שטענדיג האט מען בייא איהם געטראפען אלערלייא מענשען: יודען, יודענעס, יונג און אלט. אזעלכע, וואס פלעגען קומען זיך מיט איהם איין עצה האלטען, אויך אזעלבע פון זיינע מקורבים, וואס האבען מיט איהם פארבראכט, אביסעל דיא צייט, גלאט אזוי, אין א שמיעס. דער צעבמייסטער מיט דעם גאלאווא, ווען זייא זיינען געווען אביסעל בגילופין, פלעגען זיך אמאל אויך אריינחאפען צו איהם מיט א כוסה אין דער האנד און אין איין קול: פאני בניאמקא! נישט אנדערש, זייא ווילען טרינקען לחיים צו פאני בניאמקא, דער צעבמייסטער, קלאפענדיג מיט א פינגער זיך אויפן שטערען, מאכט האלב יודיש, האלב רוסיש: „בניאמקא, גרויסע קאפ! וועליקי פאנ־בריה, אוי ווייא מיר!“.... דעם גאלאווא פרעהט זיך דאס הארץ, ער שניידט עפעס איבער דער „נאמנה“, וויל ארויסווייזען זיינע לומדיש און מישט אויס בוידעם־פאלעצע, איבערקייענדיג צעהן מאל איין ווארט, אלץ: „רבי משה, אדאם, האמאן! שטשא או וואס, טא או נאס. וואש דאוויד, נאש דאוויד... טילקא חזיר ני, ני! טרייף...“ ס׳איז א לעבען, א חדוה, א ליבשאפט, זייא זיינען זיט וויא לאקעריצע, האלזען בנימינ׳ען, קוים־קוים וואס זייא רייסען זיך פון איהם אפ און געהען אוועק, פלאנטענדיג מיט דיא פיס. — הכלל בנימין זיטצט נישט אליין, אלע צו איהם, שלאגט זיך א שטיינער איינער אין דער דעה וועגען עפעס א שידוך, געהט ער צו בנימינ׳ן. דרעהט זיך ערגיץ א פאר פאלק, סומט איטליכער בעזונדער פון ביידע צדדים אויסריידען דאס הארץ פאר בנימינ׳ן, געהט א בעל־הבית׳ל אראפ פון קעסט און ווייסט נישט צו וואס זיך צו נעהמען, דולט ער א קאפ בנימינ׳ן. רייסען זיך

צווייא יודען עפּעס צווישען זיך, גלייכט זייא אויס בנימין, שטארבט א יוד און לאָזט איבער ירושה, הערען דיא יורשים נישט אויף זיך צו קריגען ביז צווישען זייא מישט זיך נישט אריין בנימין; שטארבט א יוד און חוץ א ווייב און קינדער לאָזט ער נישט איבער קיין ירושה, איבער וועמענס קאָפּ וויינט דיא אלמנה? איבער בנימינס. בקיצור, וואס נאָר קומט מען צו בנימינ׳ן, א שטעטישע זאך — אויך צו בנימינ׳ן. בנימין הערט אלסדינג רוהיג אויס, געפינט פאר איטליכען א משל, א ווערטיל, איין עצה און מען נעהמט זיינע ווערטער אָ פאר ליעב, הגם זייא טוגען טרעפען א מאָל יענעם אין קנעפּיל, שטעכען אין דער זיבעטער ריפּ.

אָט דאס האט איהר אייך א בילד פון בנימינ׳ן, פונ׳ם בעל־עצה א מאל אין אונזער יודיש שטעטיל, וואס אזעלכע וויא ער, זיינען היינט בייא אונז זעהר זעלטען.

---

## 2.

אקענעז־ושע האט אין אונזער שטעטעל זיך געפונען א ר׳ יעקב, פון דיא מיני ר׳ יעקב׳ס, וואס זיינען געווען א מאָל, וואס זיינען דאָ אצינד און וואס ווילען זיין אויך שפּעטער אין אלע יודישע ערטער, בכל־זמן פון דיא קינדער ישראל וועט נאך בלייבען א זכר און אין זייא זיך שלאָגען נאך איין אָדער. דיא דאָזיגע מיני פּארשוינען מעגען זיך פארשידען זיין אין זייערע נעמען, אין זייער שטייגער פרנסה, אויך אין דער הלבשה און אין דער גאנצער פיהרונג זייערער: בינאָטישע פון דער אלטער וועלט, אָבער „אויפגעיורענע״ פונ׳ם היינטיגען שניט — נאָר אין גרונט גע־נומען אָבער זיינען זייא אלע גלייך, איין טבע, איין חאראקטער, אלע האבען זייא פלייא אין דער נאָז און אונטערגעשלאָגען מיט הונט, אליין זיינען זייא נישט ווערט קיין דרייער און ווילען גילטען אין דער וועלט זעהר שטארק. איינעם שכל האבען זייא נישט פאר א גראָשען און ווילען זיין מבינים אויף אנדערע. זאגען רעות אין זאכען, וואס זיינען פאר זייא תרגום. מיינען קלאמפּערשט אלץ לשם־שמים, וואס אויף דער לונג דאס אויף דער צונג — און זיינען באמת שטארק פארביסען. זיינען נישט דאס, פאר וואס זייא גיבען זיך אויס צו וואס זייא ריהרען זיך צו, ווערט א קרעטציל, אין וואס זייא מישען זיך אריין איז צרות, בייזע מהומות, א דרעהעניש, א פלאָנטעניש פון רבילות, מסירות, לייטישע מיילער און קאָזע נאך זיך איבער א מיאוסען סליד וויא דיא וואנצען, וואס מיט קיין צעהן וואסערען נישט אָפּצר וואשען.

אתזער ר׳ יעקב איז געוועזן א בינאַטישער יוד, סלאַמפּערשט נאָט און ציצית. און ווען דער לייב, דער מלך פון דיא חיות, האט אויף זיך, לויט אונזערע הייליגע חכמים זאָגען, איין אַנשיקעניש, דאס קליין שרץ „מפגיע“, דער גרויסער, געזונטער העלפאַנט — דיא מיק, האט בנימין אויף זיך געהאט זיין אַנשיקעניש ר׳ יעקב׳ן — א נפש, פון וועלכען ער האט זיך געהאט צוקראַטצען.

ר׳ יעקב איז געווען נאר א חידוש, א גאַטס וואונדער! אין איהם האט מען בעשיינפּערליך געזעהען דיא אייגענע גבורות הבורא, וואס בייא פיעל קליינע שרצים׳ליך. יענע, וויא מיר ווייסען, ווערען נאך דעם ארויסקריכען פונ׳ם איי מגולגל ביים לעבען אין דרייערלייא געשטאלטען, כסדר איינע נאך דער אנדערער: אין דער געשטאלט פון א ווערעמיל, וואס קריכט נאָר און פרעסט. דאס ווערעמיל מאכט זיך שפּעטער תם, סלאַמפּערשט וויא געפּגר׳ט, מיט א פּעניצעל נאָר עפּיס טאַקי א ליאַלקע און פון דער שטיקער ליאַלקע שפּרינגט דערנאָך פון דער העלער הויט ארויס א באבאַטשקע, א זומער־פייגעלע, וואס צושפּרייט דיא פליגעליך און פליהט — הע־הע! — גאַנץ הויך. פונקט דאס אייגענע טאַקי איז אויך געשעהען מיט אונזער מין בעשעפּעניש, להבדיל.

פריהער, אין ערשטען גלגול, איז ער געווען א וואָרעם און האט גע־הייסען יאַנקיל, אָדער נאר פּשוט יאנקוטש. יאנקיל איז אין דער יונענד געווען א קליין משרתיל, געקראָכען אויפן בויך, געאַרבייט נעביך פאר דעם עסען, מעהר וויא עסען איז איהם אויפן זינן אפילו נישט געקומען. בייא איטליכען איז ער גע־לעגען אונטער דיא פיס און מען האט איהם געטראָטען וויא א וואָרעם. ער איז בייא זיך אליין געווען ניעדריג, זעהר געפאַלען, זעהר גוט געוואוסט, אז ער איז א רויא יונגעל און קען נעביך גאר נישט, דעריבער האט ער אָנגעבויגען דעם קאָפּ, גע־קראָכען, וויא מען זאָגט, איטליכען אונטער דיא נעגעל — און דאס טאַקי האט איהם געראַטעוועט. דורכדעם האט מען אלץ ווייטער מעהר אויף איהם זיך אומ־געקוקט און ער איז אלץ וואס ווייטער מעהר ארויס פון דער בלאָטע, פון א קליין משרתיל געוואָרען א גרויסער משרת, שוין געחאַפּט דיא זעט, פונ׳ם געהאלט זיינעם אלץ געשפּאָרט, א גראָשען צו א גראָשען ביז ער האט אָנגעקליבען אביסיל געלט און חתונה געהאט פאר א האלב־דינסטמיידיל, דאס הייסט איינע פון יענע אָרמע מיני מיידליך, וואס ארבייטען, האָרעווען, רייסען קריעה יאָהרען לאַנג עפּיס בייא קרובים אזוינע און הייסען הייסט עס, זייא העלפען גלאט אזוי זיך, וויא אייגענע, אין דעם בעל־הבתישקייט אומזיסט, נישט צונעהמען קיין גראָשען חליכה. דערפאר שטעלט מען זיך ארויס פאר מחותנים בייא זייא אויף דער חתונה דערמיט, וואס

מען שיינקט זייא א בורנאַס, א שמאַכטע און א פּאָר אַלטע קליידליך פּ! דער גאַרדעראָבע, מען טהוט זייא נאך אַן א גרויס כבוד, אויך וואס מען עסט, מע טרינקט בייא זייא אויף דער חתונה און מען געהט מיט דער כלה דעם כשר־טאַנץ... נאך דער חתונה האט יאַנקיל געפּרוּווט דאס מזל און אָנגעהויבען ביסליכ־ווייס אונטערצוהאַנדלען, אליין פאַר זיך צו מאַכען געשעפטליך. ער האט פאַרליהען אָרמע יודען, בעלי־מלאכות, קליינע קרעמערליך, געלט אויף וואָכערס, שפּעטער אביסיל געמאַכט אויף הלוואות שרייבערליך אין אַלערלייא פּריסוסטווּעס. השם־יתברך האט איהם געהאָלפען, איהם געגעבען ברכה והצלחה אין דיא פאַרדינסטליך, ביז ער האט מיט דער צייט געמאַכט א גאַנץ שיין קאַפּיטאַל, מיט דעם אייבערשטענס הילף, און איז געוואָרען — א קאַטאַוועס עפּיס — א פּריצישער בעל־הלואה! ער האט געקויפט א הויז און שוין געלעבט ברייט וויא א פיינער בעל־הבית. דענסטמאָל הויבט זיך בייא איהם אָן דער צווייטער גלגול. פון א וואָרעם, א יאַנקיל ווערט א מין פיינע־בריה, מיט א פּנים פון א שיינעם יודען און הייסט שוין ר׳ יאַנקיל! ער איז שוין איין אָפּגעפּיינט מענשיל, א ליאַלקע, זיין שטאָט איז אין דער שפּיגעל־וואַנד דאָרט אין קלויז צווישען דעם רעכטען צימעס, לייט ווייסען בייא זיך זעהר גוט ווער ער איז, פון וואַנען, מישטעהנס־געזאָגט, ער שטאַמט, נאָר מאַכען זיך בזכות זיין געלד, נישט ווייסענדיג. געלד איז פאַר דעם מענשען דער בעסטער מליץ יושר... מען נעהמט איהם אריין צווישען דיא מורנוס— יעמוד מורנו ר׳ יאַנקיל! און זיינע באַסאַקעס רופען איהם ר׳ יאַנקיל, שוין אונטער דיא אויגען אפילו — דאס איז בייא אונז יודען אויף איין מדרגה מיט דעם טיטעל „סטאַטסקי סאָוויעטניק“ בייא זייא להבדיל. ר׳ יאַנקיל אליין געדיינקט נאך אויך זעהר גוט, וואס ער איז פריהער געוועזען — א קליין מענשיל, א משרתיל, איין עם־האָרץ. דעריבער האלט ער עס פאַר א גרויס כבוד, וואס אָנגעזעהענע מענשען זיינען מיט איהם חבר און נעהמען איהם אין קאָהן אריין וויא זייער גלייכען. זייא, האלט ער בייא זיך פאַר איידעלערע, געלערענטערע פון איהם און היט זיך דעריבער מיט א וואָרט. זאָגען זייא עפּיס, שאָקעלט ער צו מיט דעם קאָפּ. ער קוקט זיך צו גוט צו דיא אַלע גיינג פון איידעלע יודען און זוכט אין אַלסדינג זייא נאָכצוטאָהן: זייא אין שיך און זעקטליך, ער אויך אזוי; זייא האבען אויסגעוויקסטע פּנימליך און ריידען מיט א זיפּצעלע, ער פּרוּווט זיך אָנגעהמען אויף א פרום־יודיש פּנימיל און לאָזען שטילע זיפּצעליך; זייא פּיעסטין זיך פאַר גאָט־ברוך־הוא אין דעם דאַווגען, מאַכען פּיסקעליך, פאַרגעהען זיך און שרייען: אַי, אַי, טאַטע, פאַטער! אונטער שפּרינגענדיג ער אויך אזוי: זייא א מאָל עפּיס נאָר אָהן ווערטער;

„פאנצעלאָמעס“, „מהיכא־תיתי“, „בים־בים־בים“, ער אויך אזוי, אָהן ווערטער. חבלל, ער איידעלט זיך, ער לעהרענט זיך, גערעאנקט און געלויבט נאָט ער איז לייטען גלייך, ער חאפט שוין אויך א כבוד מיט מציצה און ס'איז דאָ א האָפנונג, אַט־אַט הויבט מען איהם מכבד צו זיין שוין מיט סנדק... זיטצט ער א מאָל אויף איין אסיפה צווישען דיא פיינע־בריות, שמעלצט ער זיך פאר תענוג און וויל אלץ, מען זאָל עס זעהען, מען זאָל עס וויסען... זאָגט מען: ר' יאנקיל! וויא איז אייער דעה? איז ער נאר איבערגליקליך. טרעפט ער א מאָל גראד צו אין עפּיס א זאך בנימינ'ן, איז ער אויפן זיבעטען הימעל, בנימין איז בייא איהם איין חכם, דאס אויבערשטע פונ'ם שטייסעל. סטייטש, בנימין! מיט איהם צו ריידען איז א זכיה. — אָט אזוי רייבט זיך א היבשע צייט אונזער ר' יאנקיל, מאכט דערווייל אויך, מיט דעם אויבערשטענס הילף, גוטע געשעפטען, איז אריין אין דיא גרויסע פעדערען אָה וואקסט, וואקסט ביז פון דער שטומער ל ע ל ע רייבט זיך אויס און שפּרינגט פון דער העלער הויט, אין דעם דריטען גלגול ארויס א גרייסער פויגעל, וואס צושפּרייט שטארק דיא פליגעליך, פליהט הויך אימליבען איבער דיא סעפ און הייסט שוין ר' י ע ק ב! איהם איז שוין קארג זיין גלייך מיט אלע, ער וויל זיין ה ע כ ע ר פון אלע, קלינער פון אלע, האבען מעהר דעה פון אלע. א שטאָט אין דער שפּינעל־וואנט איז פאר איהם שוין גארנישט, עס ציהט איהם אהין, אויבענאָן, הארט לעבין אָרון־קדש און וויל זיין אומעטום דער ערשטער, שוין א מורה־מורנו. — ר' יעקב גערדיינקט שוין אצינד נישט, אז ער איז פריהער געוועזן יאנקיל דער משרת, א וואָרעם, א מין קליין בעשעפעניש. דאס געלד פארשטאָקט איהם דאס הארץ, פארשטאָפּט איהם דעם מוח. אויף דעם אָרט פונ'ם זכרון דאָרט א מאָל ליגט אצינד א קערביל. וואו אין איהם איז א מאָל געוועזן דאָרט א שטיקעל יושר, א קאָפּ רחמנות, עטוואס מענשליכקייט און א פיטצעל פארשטאנד, שטעקט חיינט א מטבע. אין איהם טהוט, ארבייט דיא מטבע, דער גאנצער שכל איז בייא איהם נאָר דיא מטבע. אין אלע פינף חושים זיינע איז אריינגעטאָהן דיא מטבע: זיין קוקען, הערען, שמעקען, טאפּען און פיהלען איז אלץ נאָר דיא מטבע. און בייא יודען איז דאָך פון אייביג אָן שוין אזוי בטבע — דערזעהען זייא בייא עמיצין א גילדענע מטבע, מעג ער זיך זיין א קאלב, א בהמה, איז ער בייא זייא א גאָט, בוקען זיך צו איהם, טאנצען ארום איהם, לעקען און גיבען איהם גרויס כבוד אָפּ... באסאקעס מאכען א ברייטען המלך: ר' יעקב! און יודען זאָגען נאך מיט גרויס דרך־ארץ ברוך הוא וברוך שמו ר' יעקב, אָמן!

ר' יעקב, אונזער גילדען קעלביל, איז שוין קדש! זיינע באסאָקעס, דיא

טענצער, דיענען איהם געטרייא, רייבערען איהם אונטער מיט ווייריך, לויבען זיין נאמען און מאבען אָן מיט איהם אויף מענשען אין דער שטאָדט א מורא. מען טאָר אונטער דיא אויגען אפילו נישט דערמאָהנען זיין נאמען צום שלעכטען. מען טאָר אקעגען איהם נישט זינדיגען מיט א וואָרט און אַלסדינג וואס ער טהוט, א נארעשקייט, איין אומרעכט אפילו, מוז מען אָננעהמען פאר ליעב, גלייך וויא מען האט געשוואוירען אויפן בארג סיני צו גלויבען אין איהם מיט לייב און לעבען פונ׳ם גאנצען הארצען. מען האלט זיך איין, צווישען זיך אפילו א מאָל אין א שמיעס, נישט ארויס צו לאָזען פונ׳ם מויל דאס, וואס איטליכער בעזונדער וועגען איהם טראכט. אין הארצען שפעט מען, מיט דעם מויל לויבט מען, אלע ווייסען דעם אָנשטעל און איינער דעם אנדערן נארט... אָט אויף אזא שטייגער פארמעהרט זיך דערווייל צווישען יודען חניפה, פאַלשקייט, מיאוסע זאכען, עטליכע עזות־פנימער, באַסאָקעס, ארבייטען מעשים, פיהרען א שטאָדט בייא דער נאָז און יודען, דער־נידערנדיגע, נעפאַלענע, ציטערנדיגע טהוען נאך, טראָגען דיא נעז זייערע אזעלכע לייט אקעגען. — נאָר אזוי וויא אפיקורסים אין דער וועלט מוזען דאָך זיין, וואס לייקענען אין גאָט אפילו; דעריבער האבען זיך אין שטעטיל געפינען מיאוסע אפיקורסים אזוינע, וואס זיינען אויך אין ר׳ יעקב׳ן נישט פארגלויבט געוועז, איהם געהאלטען מחילה פ״ר א בהמה, פאר א גראָבען יונג, וואס זיין מישען זיך מיט תקיפות אין שטאָדט־זאכען איז א ביטער אומגליק פאר יודישע קינדער. — או, פאר אזעלכע חטאים אקעגען זיין כבוד, איז דאס שטעטיל נישקשה בעשטראָפט גע־וואָרען מיט בייזע מהומות: קריג, פלאָטקעס, רכילות, מסירות, אכזריות און אלע פורעניות, וואס דרינגען שטעקט.

ר׳ יעקב קען שוין זינגען! עס געפעלט איהם שוין נישט דער חזן, וואס איז א צייט מיט יאָהרען אוועק געוועזן אין דעם שטעטיל, וויל איהם אויף דער עלטער ברעכען פון ברויט דערפאר, וואס ער האט איינמאָל פארגעסען איהם נוט יום־טוב ביטען, און אויף זיין אָרט צונעהמען איינעם עפים פון זיינע לייט. אין שטעטיל ווערט א קאָבעניש, א מהומה, א הארמידער!

ר׳ יעקב פסק׳ת שוין שאלות! ער זאָגט דעות דיא דיינים, קווינקעלט זיך עפים אויף דעם שוחט, וויל נישט שטעלען אויף איהם אין א סירכא, ס׳איז איהם עפים ניט גלאַטיק... עס ווייזט זיך פלוצים אין שטעטיל א מין פארשוין, דעם אלטענס שוחט א שוחט. עס ווערט א געדודער, א קריג אויף מעסער־שטעך און עס קעהרט זיך דיא שטאָדט!

ר׳ יעקב איז שוין א גרויסער בעל־צדקה! ער העבערט

דעת מקח אויפן פלייש, נים פונ'ם דאָזיגען געלד א מחייל זיינע אָרעמע קרובים, א מהייל זיינע מענצער און א מהייל לאָזט ער אראָפּ צו זיך אין קעשעניע, א מתן בסתר, אויף זאָבען אזעלכע, וועלכע ער אליין ווייסט. ר׳ יעקב מהוט גוטס און אָרמע לייט נריזען ביינער, זאָבען און קריינקען...

ר׳ יעקב איז שוין א מומחה! אין דעם בקור־חולים „זיינעם", וואו ער איז גבאי, לאָזט ער דעם דאָקטאָר קיין קאָפּ נישט אויפהייבען, נעהמט אריין און טרייבט ארויס קראנקע וויא ער פארשטעהט, מהוט דאָרט אלסדינג, וואס ער וויל, וואס איהם פאלט איין, ער ווייסט א קריינק און קראנקע אָרמע לייט בע־קומען פון איהם באלד דעם טויט.

ר׳ יעקב איז שוין א מבין אויף לערנען! ער קוואָקעט שוין אויך אויף גבאי אין דער ישיבה, זאָגט בויך־סברות אין דעם שטיינער לעהרנען און קרימט זיך עפּיס אויף דעם ראש־ישיבה, פון דער גאנצער גמרא קען ער מאַקי „מכות". נישקשה! ביים ווייב איז ער א גרויסער למדן, ער קען זעהר גוט...

ר׳ יעקב איז שוין א ווילדער חכם! ער האלט פון זיך א שרעק, איז מיט זיך משונה שטארק צופריעדען, האט ווילד הנאה פון זיינס א ווערטיל. אויף איין אסיפה וויל ער, אלע זאָלען איהם הערען. ער ווייסט בייא זיך זעהר גוט, מסתמא דרשה'ט ער נישט „אומזיסט" פארשטעהט נישקשה איין עסק.... דעריבער איז ער ברוגז, אז אנדערע זאָגען א דעה און קען נישט ליידען מען זאָל איהם איבערשפּארען.

— איך הייס, פארשטעהט איהר מיך, ר׳ יעקב! איז דער שטייגער זיינער געווען אין אזא פאל צו זאָגען מיט ברייטקייט, טייטענדיג מיט דעם גראָבען פינגער אויפן הארצען.

„איך הייס ר׳ יעקב"! האט אזוי פיעל געהייסען, וואס שווער איבערצוגעבען עם מיט טויזענט ווערטער. דרינען איז געלעגען דער גאנצער ר׳ יעקב מיט דיא ביינער. איטליכער האט עס געטייטשט וויא ער פארשטעהט, זיך געשטיקט אינווענינ און געשוויגען, אויס מורא מיט איהם איינצורייסען.

איין בנימין האט קיין מורא נים געהאט ארויסצוזאָגען זיין דעה פרייא, אויף דעם שטייגער זיינעם, רוהיג, שטיל, זיך נישט צו מאכען כלל פון ר׳ יעקב'ן, גלייך וויא ער איז גאר אויף דער וועלט נישטא. האט ר׳ יעקב זיך געהיצט און טייטענדיג מיט דעם פינגער אויפן הארצען אין איין פייער געמאכט: איך הייס ר׳ יעקב!...

האט איהם בנימין בשעת מעשה אָנגעקוקט גאנץ קאלטבלוטיג, נישט צו ענטפערען

נעוועהנטליך קיין ווארט, אדער געענטפערט א מאל גאנץ קורץ: איך ווייס, נישקשה, פון קינדערווייס אן וויא איהר הייסט. דאס געהר זיך אבער נישט אן צום ענין... און ווייטער טאקי זיך גאנץ רוהיג גערעדט. דאס פלעגט ר׳ יעקב׳ן שטעכען וויא מיט א מעסער און איהם צוקאכען דאס בלוט. בנימין איז איהם געווען וויא א דארן אין דיא אויגען, אנקוקען האט ער נישט געקענט בנימינ׳ן מיט זיינע לייט. עס האט איהם געברענט, פאר וואס זאל אין דער שטאדט זיין נאך איינער, פון וועלכען מען האלט. און נאך ווער? אזעלכער, וואס האט עפיס נישט אזוי פיעל געלד!.. בייא איהם איז איינגערעדט געווען: בנימין בגזל׳ט איהם, נעהמט בייא איהם צו א חלק כבוד, דאס וואס איהם אליין נאר קומט. בנימין איז נאר נישט אזוי קלוג, אזוי פיין וויא מען מיינט, ער פארבלענדעט נאר דיא אויגען. ער מוז עס בלי נדר דערווייזען, אז מען האט אין איהם א גראבען טעות. — דעריבער פלעגט ער צו בנימינ׳ן זיך זוכען, אויף איהם אלץ גראבען, איהם געוואלט אלץ מבטל זיין און פארמיאוסין ביים עולם:

א פאר וויכטיגע זאכען זיינען שפעטער זיך פארכאפען, וואס האבען אויפגע־ריהרט דאס גאנצע שטעטיל. אלע זיינען דערמיט נאר בעשעפטיגט געווען, און אונזער ר׳ יעקב האט דענסטמאל זיך בענוצט, אויסצוגיסען אויף בנימינ׳ן דעם גאנצען צארן און אפצורעכענען זיך מיט איהם וויא מיט א טאטען!

---

## 3.

ויהי בימי הרעב הגדול. און עס איז געווען אין דיא טעג פונ׳ם גרויסען הונגער, נישט היינט געדאכט, אין אונזער ווינקעל איז נישט געראטען קיין תבואה, דער יקרות איז געווען שרעקליך גרויס און מען איז געשטארבען, אויסגעגאנגען פאר א שטיקעל ברויט. און אז דאס שלימזול געהט, געהט עס מיט אלעמען, מענשען האבען פארלוירען איינער צום אנדערען דאס פארטרויען, אלע פארדיענסטען האבען זיך אויסגעלאזט, מענשליכקייט און יושר — אויפגעהערט, עס איז א בייזע מהומה, א צארען פון גאט, דער שטארקער שטיקט דעם שוואכען, דער אומגע־רעכטער דעם גערעכטען און וויא געוועהנטליך ליידען מעהר וויא אלע, אין א שווערע צייט, דיא ארמע, שוואכע יודען נעבעך. אויף זייא גיסט זיך אויס דער צארן פון אלע זייטען, אז ס׳איז נישטא וואס צו טאהן נעהמט מען זיך צו זייא. יודען אין שטעטיל אחצען—קרעכצען, פאלען אויף דיא פניטער און בעטען רחמים.

ר׳ יעקב פון זיין זייט, מחוט וואס ער קען — ער מחוט דאס, יענעם, העכערט דעם מקח אויפן פלייש אויך, אונטערצוהאלטען זיינע לייט און אָרמע קרובים. אודאי איז דאס א מצוה, א גרויסע צדקה, מחיה צו זיין יודישע „נפשות", נאָר אקעגען א וועלט קען מען נישט יוצא זיין — דער אָרמער עולם קלאָגט זיך אַלץ זעהר שטארק!

אין יענערער ביטערער צייט גראד איז ארויס א קלאנג, אז אין חערסאָנער גובערניע מאכען יודען קאָלאָניעס, דאָרט איז פשוט א גן־עדן און צווישען דעם עולם איז דענסטמאָל אומגעגאנגען א לידעל, וואס יונג און אלט האבען עס געזונגען, דאס לידעל איז דאכט זיך, במעט אזוי:

האט איהר געהערט דאס לאנד חערסאָן
נישט וויט פונ׳ם פעטער ישמעאל,
פון פויגעל מילך איז דאָרט פאראַן,
פאר יודען ארץ־ישראל.

א פיי׳ם א ציג, א שאָף א דרייער,
א הוהן, איין אינדיק האלב אומזיסט,
אלסדינג בזיל־זול, קיין זאך נישט טהייער
און תבואות דאָרטען פול וויא מיסט.

דאס לאנד איז גוט און וואויל א װוּנדער,
אויב לעבען, ברידער, ווילט איהר פיין,
פארנעהמט דיא קלימקעס, ווייב און קינדער
און לאָמיר עולה־רגל זיין!

דאס לידעל האט מען טאקי געזונגען, מענשען צום אונטערטרייבען, אונטער־ווארעמען האט אויך נישט געפעהלט און פונ׳ם אָרט האט מען לעת־עתה זיך אַלץ נישט געריהרט. ערשטענס, האט מען, וויא דער שטייגער איז בייא אונז יודען, גע־קוקט איינער אויפן אנדערען, אויף דרך־ארץ — לאָזען יענע מאכען דעם אָנהויב צום ערשטען און מיר נאך זייא. יענע אָבער האבען נאָר געקענט שיין דרשה׳נען, זיינען געווען בריות נאָר מיט דער צונג און דעם כבוד עפּיס טאקי צו טאָהן האבען זייא מוחל געווען אנדערע ... צווייטענס, האט מען דאך, וויא דער שטייגער איז בייא אונז יודען, נישט געקענט נעהמען גלאט טאָהן עפּעס א זאך, זיך נישט אָנצו־ריידען וויא א פויק פריהער אזוי, דערנאך שטועסען דאס איינענע ווידער

פארקעהרט.... און דריטענס, איז דאָך, נאָך א מאָל טאקי, וויא דער שטיינער איז ביי אונז יודען, נישט אזוי וויכטיג דער פסוק וויא דער דרש, דאס אויסרעדעניש אויף איהם, מען לעהרענט דיא גמרא נישט אזוי צוליעב דעם פשט, וויסען דעם דין, וויא צוליעב דעם פלפול. אנב טחום א יוד אויף סברות, מען שפארט זיך, אָנ־געהמענדיג זיך, איינער דעם אנדערען ביי דיא בערדליך, מען פרעגט קלאָטץ־קשיות, מען ווייזט ארויס גרויסע חריפות מיט קנייטשליך, שפּיטצליך, „בע־וואָהרענישען", געדרינגענישען, וואס שארפען און שפּאלטען דעם מוח. — אין דעם דאָזיגען ענין מכח דיא קאָלאָניעס איז געווען אויף דאס אייגענע טאקי: א שפּארעניש, א האמפּערניש, א קריגעניש, א „ווידער־איינאנד" פרעגעניש, איין אָפּ־ווענדעניש, א חוזק־מאכעניש, מיט געשפּעט און שטעכווערטליך איינער צום אנדערען: „חכם מיינער!", „שיינער יוד איינער!" ביידע צדדים האבען זיך גע־שמאק געזידעלט און געווען צווישען זיך פייער מיט וואסער. דיא דרינגען יא, יענע—ניין. יא, ווייל יענע זאָגען ניין און ניין, ווייל דיא זאָגען יא.... פלאטשעקע קעפּליך האלטען געוועהנטליך מיט דיא, וואס האבען גוטע געמבעס צום שרייען, פּיסקליך אויף שרויפען און וואס קענען מאכען פון'ם מויל א חאַלאָוועַ. —

דערווייל, אין דעם גרויסען טאראראם, קומט גראד איינער, אונזערער א מלמד, פון יענע ווייטע מקומות דאָרט ערגיץ אין וואהלין, צום ווייב אויף יום־טוב, אין א נייער קאפּאָטע. ער קוקט אביסעל מיט גדלות וויא איינער, וואס איז אויס־געווען א וועלט און ווארפט אריין אין דעם שמועס פרעמדע, וואָהלינישע ווערטער. אָנשטאָט „יו", זאָגט ער „יא", אָנשטאָט „קרופּניק"—„קאָליש" און „קיטקע" הייסט ביי איהם „קוילעטש", ארום איהם פארקלייבען זיך רעדליך מענשען, מען קוקט אויף איהם עפּעס וויא אויף א חידוש און מען שלינגט איטליכס וואָרט זיינס פון זיינע מעשיות, קראטצענדיג זיך דערביי פאר גרויס הנאה. וואָהלין, דערצעהלט ער, איז א געבענשט אָרט מיט אַלעם גוטען. קוילעטש עסט מען דאָרט גאר אין מיטען דער וואָך, וויין טרינקט מען דאָרט וויא וואסער, היינט זייער ראָסעלפלייש, קנאָבעל, „פּראַקעס", „פּאַלירטשיקעס" איז א מאכל מלכים! דיא ווידלען ביי דיא שעפּסען (ביי דיא „שאָף", מיין איך חאפּט ער זיך באלד און פאר־ריכט) זיינען אָפּגענאָסען מיט שמאלץ און שלעפּען זייא פון הינטען זיך נאָך אויף רעדליך. קאָרע, אזוי הייסט עס דאָרט, יו — יא, יא! מיין איך. — נאָר דיא מענשען דאָרטיגע זיינען גראָב, פארשטאָפּטע קעפּ. יודען פון'ם היגען ווינקעל קענען זייא אין זאק ארייננארען און מאכען גוטע געשעפטען. מלמדים פון אונזער קאנט האבען דאָרט דיא בעסטע קנעלונגען. זייערע — זיינען חמורים, קיינען אנידער

אין „עברי'' מישטעהנס־געזאַנגס, נח מיט זיבען גרייזען, קמץ בית בו, מלופם וואו אי. דערפאר אַבער קענען זייא עסען....

דער מלמד מיט דער נייער קאַפּאָטע, געגרייזעלטע פאות, און מיט זיינע וואונדערליכע דערצעהלונגען, שטארק פארגרעסערטע, מאכט אַז אין דעם שטעטיל א האלעבורדע, עס פארקאָכט זיך דאָרט א געדיכטע קאשע, א טחייל שרייען: אהין אין יענע מקומות ערגיץ, וואו מען קען קנעלען, מאכען שיינע געשעפטען! א טהייל שרייען: ניין, אהין „נישט ווייט פונ'ם פעטער ישמעאל" אויף דיא קאָלאָניעס! געזעטצטע מענשליך, מיט פעטע בייכלעך מאכען: עט חלעבין, ס'איז אין גאנצען איין אויסגעבקאָזען איי! גלייבער נישט אהין נישט אהער, אשרי יושבי ביתך — דעם פויערש ווערטעל טאקע: „סידי דאָמא דא ני ריפּאיסא". און נוטע, ווייבע מענשליך, לעדערנע דישלעס, בייגען זיך, וויא עס קומט א מאָל אויס, אי אהין אי אהער, ס'איז א דולעניש, א קאָכעניש, ביז אין דעם שטעטיל ווערט געמאכט א גרויסע אסיפה, אויף וועלכער ס'איז געווען ר' יעקב און אויך בנימין.

פריהער פון אלע, עס פארשטעהט זיך, איז ארויסגעשפּרינגען מיט א וואָרט ר' יעקב. זיין דעה איז געווען—בלייבען קאָלאָניעס, האט ער געזאָגט, איז נישט פאר יודישע קינדער. דערצו איז עשו. קנעלען און שטארבען פערזאמט מען קיינמאָל נישט אומעטום. דעם בטחון צו גאָט ברוך־הוא טאָר מען נישט פארלירען, גלויבט און ריהרט זיך נישט פונ'ם אָרט... פעטע בייכלעך און לעדערנע דישלעס האבען זיך געבויגען אויף זיין זייט, געהאלטען מיט איהם. דערנאָך האט זיך צרשאָקעלט דער איבעריגער עולם, אלע האבען גערעדט, געשריגען אין איין קול צום טויב ווערען. מען האט מעהר נישט געהערט וויא: קאָלאָניעס! וואָהלין!... עס זיינען געפלויגען זידלערייען, פלאם־פייער, פעך און שוועביל. עס האט געהילכט, געשטורמט און לעדערנע דישלעס האבען זיך געבויגען, וויא א טשערעטיל פאר דעם ווינט, אהין און אהער. געמבעס פון ר' יעקב'ס באסאָקעס האבען פּכוצלים גענדונערט: קבצנים! שלעפּען ווילט זיך אייך אויף יענעמס קאָפּ. הולטאיעס, בעלי־צדקות איבער א פרעמדען בייטעל!... א העזה אביסעל מען זאָל נישט הערען, וואס גבירים, גרויסע לייט זאָגען! איהר מיינט, ס'איז שוין הפקר א וועלט? וואַרט נאָר וואַרט! וועט איהר זעהען ווער עלטער איז... וואס הייסט זיך אויסשפּאנען, נישט צאָהלען... ר' יעקב, זאָל געזונט זיין, לעבט נאך, מאריך ימים זאָל ער זיין. דיא קאָלאָניעס אין וואָהלין ווערען אָנגעצונדען, פייערען אין איינעם אויף דיא באסאָקעס און שיטען זייא אָב מיט הייסען פריסעק. בנימין איז דיא גאנצע צייט געזעסען רוהיג,

אָנגעבויגנען דעם קאָפּ און געשוויגען, ערשט אז דער עולם איז פּיעד געוואָרען שרייענדיג, האט ער אויפגעהויבען פּאמעליכען דעם קאָפּ, ארויפקיינענדיג דיא האנד אויפן שטערען, וואס האט בייא איהם בעטייט, אז ער וויל עפּיס זאָגען.

— שא, שא! איז געוואָרען א קלאפּערייא, א שושקערייא צווישען דעם עולם. ר' בנימין וויל עפּעס ריידען, שא, שטיל!

— האט איהר זיך שוין אָפּגעקיהלט, רבותים, און וועט הערען? מאכט בנימין מיט א פריינדליכער מינע.

— יא, יא, ר' בנימין! רעדט, זאָלט איהר געזונט זיין, מיר הערען.

— אומזיסט קרינט איהר זיך, מיינע ליעבע יודען. הויבט אָן בנימין שטיל, רוהיג וויא זיין שטייגער איז, וויא איך זעה קענט איהר נישט אונזער יודישע היסטאָריע, נאט אייך זיא דאָ אין גאנצען אין עטליכע ווערטער.

דער עולם איז געבליעבען שטיל אָהן שום בעוועגונג, קיין שאָרך, קיין פּארע האט מען פון קיינעם נישט געהערט, גלייך וויא אלע זיינען אויסגעשטאָרבען, און בנימין האט שטיל מיט האלב פארמאכטע אויגען אָנגעהויבען אזוי:

— וויא באלד, רבותים, אברהם אָבינו דערגרייכט מיט זיין שכל דאס יודישקייט, הויבט מיט איהם זיך אָן דיא סדרא לך־לך, און ווערט פארוואָגעלט פון זיין פאטערלאנד, קוים מל'עט ער זיך, ווערט דער ערשטער נעמל'טער יוד, האט ער שוין אויף דער עלטער נאר א זוהן, יצחק, געוודישט נאך קינדווייס, האט שוין דערפאר מיט א מאָל טאקי א צווילינג און לך־לך, וואָגעלט זיך אויף ארום אין דער וועלט. — יעקב, א כשר קינד מיט א יודעש הארץ, מאכט א פליטה, לך־לך פאר עשו'ן קיין חרן... פיער מאל חתונה געהאט, האט א טוץ קינדערליך און לך־לך, לויפט ווייטער פאר לבן־הארמי... בלאָנקעט זיך ארום ביז ער קומט אויף דער עלטער מיט זיינע קינדער קיין מצרים, וואו יוסף זיינער איז א חשוב אין הויף, א גרויסער פּריץ, איין מוכר־תבואה'ניק אין דער וועלט! דאס, וואס דיא קינדער ישראל בלייבען דאָרט א לאנגע צייט זיטצען, זיינען זייא דרינען נישט שולדיג, דער קאָזאק האט זייא שוין געהאלטען. אין צרות, אין לייד האבען זייא זיך דערוויילי געפּרובפּערט און געמעהרט, שונאים אויף צו שפּרינגעניש. משה רבינו, וואס האט יונגערהייט שוין געוואוסט דיא סדרא לך־לך, פּועלט דערנאך, דורך גרויסע וואונדער, אָפּצולאָזען דיא יודישע קינדער אויף דרייא טעג נאָר פרייא צו אפּאטמען, אבי פון פּרעה'ס הענד ארויס, איז שוין ד א ברירה בייא זייא געווען צו מאכען אויף לעולם ועד לך־לך. זייא נעהמען דיא תורה אויפן בארג סיני און לך־לך מיט איהר א צייט מיט יאָהרען אין דער מדבר. מיד, צובראָכען פונ'ם שטענדיגען ארומוואנלען,

מישב, נעהמט און הויבט אָן פּלוצלינג למזל בליהען, און דער מענש וויל זיך איינרעדען, ווי דער שטייגער זיינער איז, אז נסים זענען געשעהן אויף דער וועלט, עס וועט, אם ירצה השם, זיין גוט. אביונים פרעהען זיך, קבצנים ווערען ביי זיך שטארק, א האָפנונג אויף גוטע ליכטיגע צייטען, עס וועט, אם ירצה השם, ווארים זיין. און פּלוצלינג גיט דער ווינטער דער וועלט צו זעהן זיינע גבורות, וואָס אזוינס ער בעדייט. עס שטורעמט, עס רעגענט שניי מיט וואסער אויסגעמישט אינאיינעם, עס קעהרט זיך די וועלט.

דער ווינד לאָזט נישט אָב. שטיקלעך פּאַלענדיגער שניי שטעכען ווי נאָדלען מיין לייב. איך בויג אָן דעם קאָפּ, האַלטענדיג זיך ביי דער קאַפּאָטע, די פּאָלעס זאָלען מיר נישט אריבערוואָרפען זיך איבער׳ן קאָפּ. און געה מיר אזוי איינגעהויקערט אין צעהנטען צו שלמה רב חיים׳ס — מיינער גאָר א אַלטער בעקאַנטער.

אָט דער שלמה מיינער האָט געוואוינט אמאָל אין גלופּסק, און די גלופּסקער האָבען איהם אויסגעהאַלטען בכבוד גדול. נישט זיי האָבען זיך אויסגעבראכט אויף איהם מיט געלד, חס ושלום! נישט איין גראָשען אפילו. וויילביידע אויגען וואָלט זיך א גלופּסקער געלאָזט ארויסנעהמען פאר א גראָשען, סיידען מען רייסט איהם נישט פאר דער פּאה. ראשית חכמה איז ביי איהם די מטבע, זי מאכט איהם פאר א גאַנצען יש, פאר אַן׳ערצי־מחוצף־פּנים, פאר׳ן גאַנצען פיהרער און דעה־זאָגער אין קהל. נאָר וואָס דען? ! רב שלמה איז א שרייבער, א מחבר הייסט דאָס, האָבען די גלופּ־סקער איהם געדינגט פאר א קרעניצע צו זיינע מעשיות, דאָס הייסט, ער פּלעגט זיך גוט צוקוקען צו די גלופּסקער, בעטראַכטענדיג זייערע אַלע מעשים, ווי דער שטייגער איז פון די נאַטורפאָרשער, וואָס זיי בעטראַכטען די טבע פון די בעשעפעניש און רעדען איבער „שקצים“, רמשים און איבער אַלע מיני חיות און בהמות. און בעקענענדיג זיך מיט דער טבע פון די גלופּסקער ברואים, מיט זייער שטייגער לעבען, מיט די אַלע גענג און אויפ־פיהרונג זייערע, פּלעגט ער זיי דערנאָך בעשרייבען, אַגידערשטעלענדיג א בילד א וואונדער־שענס מחיה נפשות, וואָס פּלעגט האָבען א שאַרפען אָבגאַנג צווישען אידען, און דערפון האָט ער געהאַט נישקשה׳דיג זיין אויסקומעניש.

אין פלוג דאכט זיך, האָט זיך די גלופּסקער גאַרנישט געקענט עפּענען א מויל פּאַראיבעל צו האָבען אויף איהם דערפאַר, ווארום וואָס אַרט דאָס אייך, אז דער האָט א נוצען און איהר דערלעגט גאַרנישט דערביי. דאָך — הערט א מעשה! זענען זיי דערפון נישט צופרידען געווען, טאַקי נאָר מעשה סדום, — פאַר וואָס? ווייסען מיר נאָך נישט ביז היינט. עס איז

דאָ אפילו אַ בפירוש׳ער דין אנגעגען אזא מעשה רע. בית דין איז טאקע אייגענטליך מחויב געווען נויטען זיי דערצו, פערשטאָפּען זיי די מיילער מיט געוואלד, בינדען זיי אויף אַלע פיער ווי די בהמות, און אנידערלעגען זיי פאר איהם, נאַ, שרייב! מאָל זיי אָב פון דיין הנאה ווענען און פון דעם עולם׳ס הנאה ווענען. נאָר ער אליין האָט זיך שוין אָבגעשאָקעלט פון זיי, פארוואָס? ערשטעס איז טאקי אַ צער בעלי חיים, מען טאָר נישט מצער זיין אַ לעבענדיג בעשעפעניש, אפילו אַ פלוי נישט, און צווייטענס איז איהם טאקי פשוט נמאס געוואָרען האָבען צו טאָן שטענדיג מיט די גלופּסקער. קרעפּלעך עסט זיך אויך צו. און דריטענס אַלע זאכען מוזען דאָך עפּיס האָבען אַ עק.

רב׳ שלמה האָט זעהר גוט ארויסגעזעהן, אַז די דאָזיגע קרעניצע, פונוואַנען ער שעפּט, האָט אָנגעהויבען, מחילה, אונטערצוזעיפּויש׳ען און ווימלען מיט מיני קליינע בעפענישלעך, וואָס איז נישט כדאי מיט זיי זיך אָבצוגעבען, און געהערט האָט ער אויך, אַז ס׳האָבען זיך געוויזען גאָר נייע מאָדנע בריאום׳לעך, אויפ׳ן קוק, דאכט זיך, ווי די אַלטע, און פּאָרט אנדערש, עפּיס מיני חאמעלעאָנען אזוינע נאָך נישט גוט אויס־געפּאָרשט לעת עתה, ווער און וואָס זיי זענען, ס׳איז צו האָפען, אַז מיט דער צייט וועט קומען דער געלערענטער מאַן, וואָס איהם וועט בעשעהרט זיין זיי גוט אויספאָרשען און בעקאַנט מאַכען מיט זיי די וועלט דעריבער האָט רב שלמה מפקיר געווען זיינע גלופּסקער און איז פון זיי אוועק.

צו האָט רב שלמה זיך אָבגעגעבען מיט די נייע מאָדנע ברואים און איהם איז געראָטען גוט זיי אויסצולערנען, דאָס ווייס איך נישט. מעגליך, אַז זיי זענען איהם אויך נמאס געוואָרען און ס׳וואָלט איהם גלייכער געווען אָבצושינדען אַ נבלה איידער מיט זיי האָבען צו טאָן. נאָר דאָס ווייס איך בעשטימט, אַז ער האָט דאָרט היינט אין נומער... אַ אייגענע שול פאר יודישע קינדער.

נאָך אַזאַ שווערען גאַנג אין רעגען, אין שניי און טאַפּענדיג אין דער פינסטער אַ טיר, בין איך ארייננעגאַנגען מיט דעם אויבערשטענס הילף מיט גרויס אָבשיי אין אַ הויז. ס׳פערשטעהט זיך, אַז איך בין אריין הינטען־ארום דורך דער קיך, ווי דער שטייגער איז ביי אַ אידען, וואָס ווייס דרך ארץ.

דער אריינגאַנג פון אידען אין אַ טיר איז, ווי דער שטייגער זיינער איז, שטיל, געבויגען מיט הכנעה, מען זאָל דאָס הערען עפּיס אַ שאָרך. און פלוצלינג וואַקסט ער אויס פאר׳ן בעל־הבית ווי פון דר׳ערד, עפּיס נאָר טאקי אַ בער, „וואָס טהוט טאָן לוגען צו זיין פערצוקונג״, צו דער־

טאפּען איהם פּלוצלינג, איידער ער וועט האָבען צייט פון איהם ענטרונען צו ווערען.

דער דאָזיגער אידישער שטייגער — דאָס איז אַ זכר צו דער ביטער־ער אָרימקייט אין גלות פון אייביגע צייטען. זינד קבצנים האָבען זיך אַ וויי געטאָן ביי אונז אַזוי, אַז די נעהמער זענען מעהר פאַר די געבער, האָבען זיי אָנגעהויבען געברויכען ביים זוכען זייער ברויט, געהענדיג אי־בער די הייזער, די אַלע קונציגע איינפאַלען פון די יעגער אויף דער יאַגד, אַלץ הינטען ארום, שטיל, עס זאָל נישט איבערבלייבען קיין צייט אויף ראַטעווען זיך דעם בעל־הבית, נעבעך, וואָס ציטערט אַזוי איבער זיין געלד. און דער דאָזיגער שטייגער אריינגאַנג, וואָס איז אַ ירושה פון דור דורות, איז געבליבען ביי אונז ביז היינט.

שטעה איך מיר אַזוי אַ ווײַלע אין פאָדער־חדר זעהר שטיל, טאַפּענדיג זיך ביי דער קאַפּאָטע, ביי די פּאות, אונטערהויבענדיג אביסעל דאָס הי־טעל אויפ׳ן קאָפּ, גוט אויסצוגלייכען די יארמולקע אויף איהם, ווי דער סדר העולם איז, און אגב טאַקי חאַפּ איך אַ קוק אין דעם צימער מיר אנטקעגען. מענשען זיצען דאָרט ביי אַ לאַנגען טיש, וואָס איז בעדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך — אַ גרייז גראָהער מאַן זיצט אויף אַ שטוהל אויבענ־אָן, דריי מאַנסבילען פון איין זייט טיש, אַ שענע אידענע מיט מיידלעך פון דער אַנדערער זייט. אויף אַ קליין טישעלע שטעהט אַ זידענדיגער סאַמאָוואר, ארויסלאָזענדיג פון זיך גאַנצע זיילען גראָהער פּארע, וועלכע רויטלען זיך ביים שיין פון דעם היינגלאָמפּ. אַ ליבער מחיה׳דיגע ווארימ־קייט און ליכטיגקייט איז אין דעם הויז. מען טרינקט טיי, שמועסענדיג איינער מיט דעם אַנדערען מיט גרויס הנאה.

אַז איך האָב מיך גוט צורעכט־געמאַכט אין פּאָדער־חדר, בין איך אריין אהין אין זיין צימער און געבליבען שטעהן ביי דער טיר שטיל שווייגענדיג.

— ווער איז? ווער איז דאָ? רופט זיך אָב דער אַלטער נישט ריהרענדיג זיך פונ׳ם אָרט.

— גאָרנישט... אַ איד איז דאָ... גוטען אָוונד! — ענטפער איך מיט אַ האַלבען מויל, שטעהענדיג אַלץ טאַקי נעבען טיר.

— וואָס זאָגט ער דאָרטען? — פרעגט דער אַלטער פערוואונדערט, אויפשטעהענדיג שוין פון אָרט, און לאָזט זיך געהן צו מיר.

— וואָס ער זאָגט?... גאָרנישט... „גוטען אָוונד" זאָג איך.

— „גוטען אָוונד" איז זעהר שעהן, זעהר גוט, אָבער איך בעט אייך, רב איד, וואָס ווילט איהר?

— — וואָס וויל איך? גאָרנישט וויל איך... אַזוי זיך... אריין, אַז

יאָ אזוי, איך האָלט שוין אין גערן, טראַכט איך מיר, כדאי אריינצוגעהן זעהן זיך מיט אַ אַלטען בעקאַנטען. וואָס מאַכט איהר, רב שלמה, אוי שוין אַ צייט מיט יאָהרען, אז מיר האָבען זיך נישט געזעהן, מיר זענען ביידע אַלט געוואָרען אין דער צייט. די האָר אייערע זענען שוין גאָר ווייס געוואָרען. פונדעסטוועגען האָט איהר זיך קיין סך נישט פארענדערט, איך האָב אייך באַלד דערקענט, אין דעם הויכען שטערען און אייער קורצע ראיה, די זעלביגע אויגען די פייערדיגע, די זעלביגע ליפּען, אויף וועלכע צאָרן מיט שמייכעל שוועבען אינאיינעם, דער זעלביגער ברען און דאָס זעלביגע מאַכען מיט די הענד ביים רעדען אזוי ווי אין דער יוגענד. איהר זייט איין אַלט־אינגעל, איך בעט איבער אייער כבוד! נו, און מיך, מיך דערקענט איהר נישט? — זאָג איך מיט אַ זיס שמייכעלע, אויסציהענדיג זיך פאר איהם ווי גרויס איך בין, אָננעהמענדיג זיך פאר'ן בערדיל.

— הא, ווארט נאָר, ווארט אַ ווייל — זאָגט רב שלמה שארף אָנ־קוקענדיג מיך — אָ, דערקענט: רב מענדעלי... אַך, ליעבער פריינד רב מענדעלי מוכר ספרים! ברוך הבא! וואָס זשע זייט איהר אזוי שטיל אריינגעקומען אין דער פינסטער דורך דער קיך, און שטעהט דאָ ביי דער טיר.

— וואָס הייסט, מען האָט דען בעדארפט קלינגען אויף אַלע גלעקער? נעהמט נישט פאר אומגוט, רב שלמה, וואָס איך האָב מיט די שיך אריינ־געטראָגען בלאָטע אין שטוב.

— עס מאַכט נישט אויס, בלאָטע, דאָס איז ביי אונז אידען אַ זכר לטיט פון מצרים אָן — ענטפערט רב שלמה אָננעהמענדיג מיך פריינד־ליך ביים אָרעם און שטעלט מיך פאָר איטליכען אין הויז, אָנרופענדיג ביי די נעמען די דריי מאַנספּארשוינען, און זאָגט: דאָס זענען אידישע שריי־בערס, מיינע גוטע געטרייע פריינד.

— אידישע שרייבערס און געטרייע פריינד! — וואונדער איך מיך שטאַרק ביי מיר. אַ בייסעניש, אַ רייסעניש פון קעץ אין איין זאַק איז מיר צוגלייך געקומען אויפ'ן געדאַנק און איך האָב משונה פערדרעהט די נאָז.

איך זעץ מיך ביים טיש און מען שטעלט פאר מיר אַ גלאָז טיי. דאָס געשפּרעך צווישען עולם קלעפּט זיך עפּיס נישט, נישט אזוי לעבעדיג־הויך ווי פריהער, און באַלד ווערען אַלע ענטשוויגען, ווי עס נעהמט זיי אָב דאָס לשון, אַזאַ שווייגען מאַכט זיך געוועהנטליך אָפט אין אַ געזעל־שאַפט, ווען עס קומט אַ נייער פארשון. אין דעם שווייגען הערט זיך אַ שטילעס בילען פונ'ם בייזען הונט, וואָס ליעגט אינוועניג אין אונז מענשען, דאָס בעדייט: חשד, נישט־צופרידענהייט, פיינדשאַפט, אַ אָנצוהערעניש

יענעם אויפ'ן וואונק: טראָגט זיך, פּעטער, צו אַל־די רוחות און לאָז מען פון אייך פּטור ווערען.

גוט הערציג בעגעגנען איינע די אנדערע נאָר בהמות. אַ בהמה, אַ שטיי־גער, שטעהט זיך ביים צעבער, קומט אָן אַ צווייטע און שטעקט אריין דעם קאָפּ אַהין אין צעבער, — מילא גאָרנישט, שטעהן זיך ביידע און עסען רוהיג, גאָר פריינדליך. וואָס איז זיך דאָ צו וואונדערען. וואָרום דערויף איז זי דאָך אַ בהמה, אַ גראָבע, אַ נידעריגע בעשעפעניש אָהן פערשטאַנד...

נישט אָבער אזוי זענען מענשען. זיי האָבען דאָך שכל, זענען דאָך קלוגעטשקע, בעגעגענען זיי איינער דעם אנדערען מענשליך, אויף זייער שטייגער. אָט דער מין שוויגען איז זעהר נישט אנגענעהם דעם ניי־אריינ־געקומענעם. ער בלייבט צומישט, פערלירט די שליטה איבער זיך, איבער אַלע זיינע גלידער. די הענד, די פיס, די אויגען בעוועגען זיך עפּיס משונה אָהן זיין וויסען. די נאָז שטעהט פול ווי אַ רינשטאָק, מחילה, און ווייסט נישט, וואָס מיט דיר צו טאָן. ס'איז נישט גוט, שווער ווי אַ שטיין אויפ'ן הארצען.

לאַנג לעבען זאָל רב' שלמה, וואָס ער האָט זיך דערבארימט און ריי־דענדיג געמאַכט די געסט, אבי אַ אָנהויב, איז שוין דאָס ווייטערדיגע גע־גאַנגען ווי אַ מזמור, גערעדט הויך אויף אַ קול. דאָס איז דאָך ידוע, אז מחברים זיינען גרויסע פּלוידערזעק, ריידען מעהר ווי ווייבער. ווי באַלד עס עפענט זיך זיי דאָס מויל, שיטען זיך רייד, ווי פון אַ לעכערדיגען זאַק. איך האָב אויך געעפענט מיין מויל און האָב געוויזען, וואָס איך קען, גערעדט אָהן אויפהער. דאָס איז זיי געפעלען געוואָרען, און מיר זענען גע־וואָרען באַלד, ווי עס פיהרט זיך ביי יודען, אמת'ע ידידים... גוטע ברידער, הייסט עס.

— נחזור לענינינו — האָט רב שלמה זיך אָנגערופען — לאָמיר זיך אומקעהרען צו אונזער פריהערדיגען שמועס. פאַר רב מענדעלען איז זיך נישטאָ וואָס צו שעהמען, ער איז דערין זעהר געניט, ער איז אַ בקי אין דעם דאָ־זיגען ענין... אדרבה זאָל ער הערען און זאָגען זיין מיינונג.

— וועגען וואָס איז דאָ דער שמועס? וועגען וואָס האַמפּערט מען זיך דאָ אזוי? פרעג איך שוין מיט אַ רוהיג געמיט.

— וועגען וואָס האַמפּערען זיך מחברים? — ענטפערט רב שלמה — וועגען שרייבערס און ביכער! זאָגט איהר, רב מענדעלי, וואָס פאַר אַ מין זאַך איז עס דאָס שרייבען? וואָס שטעקט דערינען אזוינס? אָט דאָס איז דער תוך פונ'ם ענין, וועגען וואָס מיר האָבען זיך דאָ פריהער גע־שפּאַרט.

— וחכמים אומרים, און וואָס האָבען זיי געזאָגט? — גיב איך אַב

כבוד די געסט, זיי זאָלען זאָגען פריהער זייער מיינונג וועגען דעם.

— דאָס איז אַ געטליכער גייסט אין דעם מענשען! — זאָגט איינער פון די מחברים און אַ צווייטער האָט צוגעבאָמקעט.

— און איך זאָג — רופט זיך אָן אַ דריטער, אַז דאָס שרייבען איז אַ זאַך, וואָס מוז האָבען פּאַרברייטונג און קענטעניש. ווער עס האָט אַ מח און בילדונג, יענער שרייבט.

—דאָס שרייבען — לאָז איך מיך הערען מיט אַ וואָרט, אַזוי אַז דעם עולם זאָל עס אויפפּאַלענד זיין — דאָס שרייבען איז נישט מעהר ווי אַ שגעון, אַ מין שלאָפקייט, אַזוי ווי, למשל, די תאוה ביי אַ סך יודען צו שטעלען זיך דאַוונען פאַר׳ן עמוד, כדי ארויסצואווייזען פאַר׳ן עולם דאָס קול־נגינה זייער.

— רב מענדעלי וויל אַלץ מבטל זיין! — מאַכט רב שלמה צולעגענ־דיג אַ פינגער צו דער נאָז, ווי ער בייזערט זיך כלומרשט, און דאָס פּנים זיינס שמייכעלט דערביי — לאָזט זיך דינען, רבותי.

— איך וויל נישט אריין אין די הויכע דרכים איבער דעם ערשטען חלק פון דער שאלה, איבער וועלכער מיינע חברים האַמפּערען זיך — וואָס דאָס שרייבען איז אַזוינס? איך וועל נאָר זאָגען מיין מיינונג אויף דעם אַנדערען חלק פון דעם ענין: צו וואָס דאָס שרייבען איז? האָרכט־זשע. דעם מענשענס פערשטאַנד איז דאָך דער מקור פון אַלע געדאַנקען, די גע־דאַנקען אָבער ווערען נישט רעכט פּאַרטיג, קלאָר, ווי עס געהער צו זיין, ביידען נאָר דורך דער שפּראַכע. מיט איהר הילף נעהמען זיי אויף זיך לייב, בעקומען זייער געהעריגע צורה. אין דעריגען בעשטעהט טאַקי דעם מענשענס מעלה, וואָס ער קען רעדען. און היות דאָס רעדען מיט׳ן מויל אַרבייט אויס, ווי אַ קינסטלער אַ מאַלער, די געדאַנקען פונ׳ם גייסט אין זייער קערפּערליכער געשטאַלט, דעריבער דאַרף עס אויך האָבען מיטעל דער־צו, וואָס זאָלען איהם שטעהען צו הילף, די אַרבייט זאָל זיין ריכטיג, מייס־טעריש גוט. און אַזאַ מיטעל איז דאָס שרייבען, אָדער די שריפטליכע שפּראַכע. דער שרייבער איז מעהר מקפיד אויף זיין שפּראַך, ווי דער וואָס רעדט. ער זוכט, קלייבט צו די פּאַסענדיגע ווערטער, זעצט זיי ווי פּערעל איינס צום אַנדערען מיט ישוב הדעת, מיט דער כונה, אַז דער גייסט און די צורה זאָלען, ווי די נשמה מיט׳ן גוף, פּאַסען איינער צום אַנדערען, נישט מעהר — נישט ווייניגער וויפיעל מען בעדאַרף. בכן קומט אויס, אַז דורך דער שריפטליכער שפּראַכע פאַרבעסערט **זיך מיט דער צייט דאָס רעדען** מיט׳ן מויל, קלערער ווערט דער געדאַנק, און גרעסער דער פערשטאַנד.

— דאָס אַלסדינג איז נישט פאַר אונז געזאָגט געוואָרען, — איז ארויס מיט אַ קריטיק איינער פון דער חברה, — געהט טאַפּט איבער אינגאַנצען

די היינטיגע ליטעראַטור אונזערע, משטיינס־געזאָגט, וועט איהר מעהר נישט געפינען נאָר לשון, אַ מוסר־זאָגען, עצות, פּלפּול, בויך־סברות, גוזמאות; ווילדע שבחים און משונה׳דיגע זידלערייען — אַלסדינג טאַקי נאָר ווי ביי בטלנים אין בית המדרש אונטער׳ן אויווען, און דאָס ווייזט אויף דעם דלות אין געדאַנקען און די אָרימקייט אין געפיהלען. לאָ די וואָס דער קאָפּ איז נישט פּרוכטבאַר, ברענגט נישט אַרויס קיין שום נייס, קיין שום לעבעדיג געדאַנק, ער פיהלט אפילו נישט, וואָס עס געהט איהם אָב. דעריבער איז דער מינדסטער אפילו פון די שרייבער ביי זיך אַ גדול, קליגער פון דער גאַנצער וועלט, ביי איהם איז אַלץ איך און איך... אַט אזוי זאָג איך, אזוי מיין איך, און אזוי ראַט איך... אַלע זענען ביי זיך פעררישען. ווילדע מוסר־זאָגער, משונה׳דיגע ערפינדער, גרויסע בעלי־עצות, מיניסטער־קעפּ, איטליכען בעזונדער גלוסט זיך אַ באַרג סיני, שטעהן אויף איהם און אַראָבשרייען פון דאָרט זיינע געבאָט, וואָס הויבען זיך אָן מיט „איך" און לאָזען זיך אויס מיט „איך".

— אַי, אַי, אַי! — שלאָג איך אָב דעם קריטיקער אזוי שטאַרק. ביי מיר אפילו האָב איך געוואוסט, אַז ער איז גערעכט, דאָך האָב איך מיך גע׳עקשנ׳ט, געלייגט, זאָל נישט אויסגערעדט זיין, פאַר׳ן כבוד פון אונזערע אָבגעפיינטע חכמים, זאָלען געזונד זיין.

— די שרייבער איז ביי אונז — טרעט אַרויס מיט אַ קריטיק נאָך איינער פון דער חברה — זיי שרייבען נישט קיין וויסענשאַפטליכע זאַך גופא, נאָר וואָס? א י ב ע ר דער דאָזיגער זאַך. דאָס הייסט, זיי שטראָפען אַנדערע, ווערטלען זיך, און בעווייזען, אַז ס׳איז נויטיג, אַז מען זאָל עס שרייבען. אין דעם ענין אויך, מיט וועלכען זיי בעשעפטיגען זיך, הויבען זיי נישט אָן צו וויסען און ווילען נישט וויסען, וואָס מען האָט איבער דעם שוין פריהער געזאָגט. איטליכער איז זיך אַ אָדם הראשון, אָנהויבענדיג פון בראשית, דער אַלף־בית חזר׳ט זיך תמיד איבער אויף דאָס ניי. די פריהערדיגע חכמים אונזערע ווערען נישט געדאַכט, עס בלייבט ביי אונז פון זיי קיין זכר נישט. אויך די געשעהענישען אין אונזערע צייטען פערשווינדען ווי אַ חלום, פיעל געשעהענישען ווערען נישט פערשריבען אין אונזער צייט דעריבער נאָר, וואָס מען רעדט זיך איין אַ נאַרישקייט, אַז דאָס איז אַ אַרבייט פאַר דעם געשיכטע־שרייבער אין דעם שפּעטערדיגען דור, ער וועט ערשט קענען צונעהמען די זאַכען ווי דער ריינער אמת, אָהן שום פּניות. נאָר דערווייל, ביז וואַנען דאָס וועט זיין, איז פיעל גע־שעהענישען פון אונזער צייט געהען פערלאָרען און, העט, העט, אין אַ צייט אַרום, אַז עס וועט אויפשטעהן ביי אונז אַ אַלטערטומס־פאָרשער און וועט וועלען אויפבויען אַ בנין פון די איבערגעבליבענע צוואָוואָרפענע

שטיקלעך מאַטריאַל, משטיינס־געזאָגט, — וועט איהם מעהר פעהלען. ווי־ער וועט האָבען, און אינגאַנצען וועט עס זיין אַ בנין אויף הינערשע פיס־לעך, סיידען אז מען זאָל גלויבען, אַז אידישע געשיכטע־שרייבער זיינען נביאים, זעהן בנבואה דאָס וואָס אַמאָל איז געשעהן, און מאַכען פון גאָר־נישט אַ זאַך. ווענינ׳סטענס איז געװעהנליך, אַז מען זאָל זיי געבען דאָס לעכיל פון אַ נאָדעל, און דעם העלפאַנד אויף דורכצופיהרען איהם דורך דעם לעכיל וועלען זיי שוין אליין בעשאַפען, אָבער גאָט ווייס, אויב אַזעלכע וועלען גאָר זיין אין די שפּעטערדיגע דורות. גאָר אָבער אַ היסטאָריקער מיט אַ מענשליכען פערשטאַנד שפּעטער, ער וועט בעשולדיגען די אידישע שרייבער אין אונזער צייט, און זיי שימפּפען, פאַר וואָס זיי האָבען נישט געברויכט דאָס לעבען פונ׳ם פאָלק פאַר אַ מאַטריאַל אין זייערע ספרים, נים אָנגרייטענדיג געװעהנליך שטאָף אויף צו בויען פאַר יענע, וואָס וועלען קומען נאָך זיי, און האָבען זיך נאַריש געמאַכט מיט „מאמרים", מיט פּלפּולים, מיט וכוחים, מיט ביי־זאַכען, און מיט פאַנטאַזיעס, וואָס נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. און אַממיינסטען וועט דאָס נישט געשענקט ווערען יענע, — האָט ער צוגעגעבען צו זיינע רעד מיט אַ וואונק טייטענדיג אויף רב שלמה׳ן מיט׳ן פינגער — יענע שרייבערס פון אונזער איצטיגער צייט, וואָס קענען גוט דאָס פאָלק, אויסגעבונדען פון קליין ביז גרויס און ווייסען אַלע גענג זייערע, און האָבען זיך געפוילט דאָס אָנצושרייבען.

— רבותי, רב מענדעלי ציטערט, ער האָט מורא, איהר זאָלט איהם נישט פאַרברענען מיט׳ן מויל! — זאָגט רב שלמה מיט אַ שמייכעלע, זעהענדיג ווי איך בין צומישט פון יענעמס ווערטער, און מינע מיך שטאַרק פאַר גרויס פאַרוואונדערונג — נישקשה, רב מענדעלי! אָהן סכנות. מחברים ווען זיי זיצען און לאָזען זיך אריין אין אַ שמועס, ברענט ארום זיי אַ העליש פייער, עס ברענט, אָבער פאַרברענט ווערט קיינער, חלילה, נישט. דאָס זידט אין זיי דאָס בלוט, תלמידי חכמים צופלאַקערען זיך אפילו גאָר אין אַ געוועהנליכען שמועס, עס פליהען ווערטער פייערדיגע ווי גלי־הענדיגע קויהלען. איך קען אייך, מיינע חברים, איך ווייס, אַז איהר זייט אין הארצען גאָר נישט אַזוי שטרענג ווי איהר רעדט מיט׳ן מויל. אויך נישט אַלע שרייבערס, חס ושלום, האָט איהר דאָ געמיינט, נאָר אַ טייל פון זיי. און אויב היינט זייט איהר שטרענגער ווי תמיד, ווייס איך, פונוואַנען דאָס קומט: עס איז היינט אַ צייט פון געוויטער, עס קעהרט די וועלט. אַ שרעק! דערפאַר זייט איהר היינט מעהר אויפגערעגט. אַ ראיה האָב איך פון זיך אַליין, איך בין היינט צורודערט און אויפגערעגט, עס איז נישט קיין עת־רצון, ברידער! אויך דאָס ווייס איך, אַז צווישען יענע, וועלכע עס וועט נישט געשענקט ווערען שפּעטער — ווי אונזער חבר האָט געזאָגט,

— דערפאר וואָס זיי האָבען זיך געפוילט בעשרייבען אונזער לעבען, אין זייער צייט, מיינט מען מיך אויך, נור מיר קענען דינען פאר א פארענט־פערונג דאָס, וואָס ס׳האָט מיט מיר זיך געטראָפען פונקט אזוי ווי מיט מחמד׳ס ארון, וואָס הענגט, ווי מען זאָגט, אין דער לופט, ווייל צוויי מאגנעטען ציהען איהם פון אונטען און פון אויבען — איינער אהער און איינער אהין, און דערפאר...

רב שלמה האָט אָבגעהאקט אין מיטען שמועס, דערפיהלענדיג א קאלטען שטראָם ווינד, וואָס האָט פלוצלינג זיך אריינגעחאפט אין צימער אריין, שיער נישט אויסלעשענדיג די לאָמפ, און עפּיס א געשפרעך, א געטימעל צווישען דעם הויזגעזונד אין פאָדער־חדר. רב שלמה׳ס ווייב און טעכטער האָבען באַלד נאָכ׳ן טיי־טרינקען זיך געפיהלט איבעריג, אין דער געזעלשאפט פון מאנסבילען, וואָס רעדען דברי תורה. זענען זיי אויפגע־שטאַנען און ארויס פונ׳ם חדר.

די ווייבער פון תלמידי חכמים האָבען אודאי א גרויסען חלק לעולם הבא, ווייל דאָ, אויף דער וועלט, ביי זייערע מאנען, האָבען זיי גאָרנישט און פיעל זאכען איז ביי א תלמיד חכם פארקעהרט ווי ביי א געוועהנליכען מענשען. א געוועהנליכער מענש רעדט זעהר פיעל מיט זיין אייגענער ווייב, און א פּשיטא שוין — מיט א פרעמדענס. און א תלמיד חכם איז אפילו מיט זיין אייגענער ווייב רעדט ער אויך נישט. א געוועהנליכער מענש אויפ׳ן שפאציר אויף דער גאַס — געהט ער פאמעליך איהר ביי דער זייט, און ביים אריינגאנג און ביים ארויסגאנג נאָך איהר. און א תלמיד חכם שפּאַנט, לויפט פאר׳ן ווייב און ביים אריינגאנג און ארויסגאנג פערחאפּט ער זיך געהן פאראויס. א געוועהנליכער מענש טהוט אָן דאָס ווייב דעם מאנטעל און בעדינט זי, און א תלמיד חכם איז דאָס ווייב טהוט איהם אָן און בעדינט איהם. א געוועהנליכער מענש, אז ער פארבעט צו זיך געסט אויף א קערטעל, איז ער מצרף זיין ווייב צום מנין און זי שפּיעלט אינאיי־נעם מיט זיי א גאנצע נאכט, און א תלמיד חכם אז די חברים זיינע קומען צו איהם, איז דאָס ווייב זיינס טראָגט זיי אונטער גלעזער טיי און בעדינט זיי, און ווי באַלד זי האָט זיך אָבגעפארטיגט, איז שוין פאר איהר מעהר קיין אָרט נישטאָ צווישען זיי, און זי געהט געשווינד אוועק.

און דאָס אייגענע טאקי איז געווען מיט רב׳ שלמה׳ס ווייב און טעכ־טער זיינע. מיר תלמידי חכמים זענען זיך געווען פערטאָן אין אונזער זאך אזוי, איז מיר האָבען זיך אָן זיי גאָר פארגעסען, נישט בעמערקענדיג, אויב זיי זענען דאָ אָדער נישטאָ. ביז עס האָט זיך דערהערט זייער קול אין פאָדער־צימער און דערפיהלט א קאלטער שטראָם, וואָס האָט זיך אריינגע־

ויסען אהין אין שטוב אריין, מיט א קלאפעריי אין די טירען, האבען מיר זיך אויפגעחאפט — ווי פון שלאף. נאך אין א ווייל איז אריין איינע פון די טעכטער און געזאגט דעם פאטער אויפ'ן אויער:

— טאטע, עפיס א בחור איז געקומען. ער בעט זיך איבערנעכטיגען די נאכט אין דער שולע.

—וואס? א בחור פון דער גאס און בעט זיך נעכטיגען! — מאכט רב שלמה בייז און פערוואונדערט — ס'איז נישט אומזיסט, דא מוז עפיס זיין, וויפיעל גנבות און נאך אזעלכע זאכען קומט פאר אין שטאדט דורך אזעלכע אנשטעלען, — זאל ער אריין!

א ארים בחור, פון א יאהר זיבענצעהן, א דערשלאגענער, האט זיך שעמעוודיג געוויזען אין דער טיר. דאס קאפאטקעלע זיינע, א צוריסענע, א געלאטעטע, דורכגענעצט פונ'ם רעגען, טרייסעלט זיך און שטעהט אראב־לאזענדיג די אויגען.

— פונוואנען קומסטו, בחור? און וואס ווילסטו אין האלבע נאכט — פרעגט רב שלמה מיט כעס.

— איבערנעכטיגען — שטאמעלט דער בחור שטיל — איך בין דא א פרעמדער.

— וואס הייסט. א הכנסת אורחים איז ביי מיר אין מיין שולע — האט זיך געווערטעל ר' שלמה — איך פערשטעה אזעלכע אנשטעלען, געה דיר געזונטערהייט!...

אזוי ווי דער בחור איז אריין שטיל, אזוי איז ער ארויס שטיל, אנ־בויגענדיג דעם קאפ נישט צו רעדען א ווארט, נאר א בליק געטאן אויף אונז מיט די אויגען. — און אוי, רבונו של עולם. וויפיעל יסורים, צרות און פורעניות, וויפיעל הארץ, געפיהל און געבעט האבען זיך אויסגעדריקט אין דעם דאזיגען בליק!...

רב שלמה איז געבליבען זיצען פערבליפט נאך דעם בחור'ס אוועק־גאנג, פערטראכט און פערזארגט. דאס פנים זיינס האט זיך פארענדערט, אזוי אז איך האב נישט דערקענט דעם רב שלמה'ן, וואס איך האב ערשט נישט לאנג געזעהן. פאר מיר זיצט א אלטער, א שוואכער, גאר א צובראָ־כענער שארבען, און דאס געזיכט שטארק צוקנייטשט.

אויף אונז איז אויך אנגעפאלען א מרה־שחורה, דעו' געגעצט, דער ניסט, און קיינער רעדט א ווארט ניט.

אין דרויסען שטורעמט, דער ווינד קלאפט אין די פענסטער, בלאזט אין די שפאלטען, באלזט און הוילט אין די קוימענס און רייסט, ארייננצו־האפען זיך אין שטוב אריין.

זענען מיר אויפגעשטאַנען, ארויס פון שטוב מיט אַ שווער געמיט, און צוגאַנגען זיך איטליכער צו זיך אַהיים.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָבען מיר זיך פערזאַמעלט נאָך אַ מאָל ביי רב שלמה׳ן אין אָווענד. רב שלמה האָט געפיהלט קאַפּוועהטאָג און ער איז דעם גאַנצען טאָג נישט ארויס פון זיין צימער. דאָך איז דאָס ווייב זיינס אריינגעגאַנגען צו איהם זאָגען, אַז מיר זענען געקומען, און באַלד טאַקי האָט ער אונז פאַרבעטען צו זיך. דאָס צימער איז נישט אַזוי גרויס און ס׳איז דאָרטען עפּיס אַ נחת, ריין ציכטיג אין אַלע ווינקעלעך, די וועגד און מעבעל, און די שאַפּעס ביכער, זאָגען: אַז דאָ וואוינט אַ תלמיד חכם. רב שלמה זיצט אָנגעלעהנט ביים שרייבטיש פערטיעפט אין די געדאַנקען מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגען, פאַר איהם ליעגט אַ בויגען פּאַפּיר פערשריבען און געמעקט אין פיעל ערטער, אויך אַ פען נאָך נישט רעכט אָבגעטריקענט פון טינט. ביים אריינגאַנג, האָט ער תחילת אונז נישט בעמערקט. דערנאָך האָט ער זיך אַ חאַפּ געטאָן און האָט אונז פריינד־ליך צוגענומען.

מיר האָבען מקיים געווען אין איהם די מצוה פון בקור־חולים, ווי דער שטייגער פון אַ אידען איז. דער שטייגער איז ביי אידען, אַז זיי קומען מבקר־חולה זיין, לאַכען זיי אויס פאַר ליעבשאַפט דעם קראַנקען מיט דער קראַנקהייט, אַז ס׳איז גאָר אַ איינרעדעניש, בכדי מען זאָל איהם פער־גרינגערען דעם וועהטאָג. מען זאָגט איהם אויך מוסר איטליכער אויף זיין גאַנג. איינער זאָגט: ווי נעהמט דאָס אַ איד, דאַכט זיך, אַ קלוגער, האָט אַ ווייב מיט קינדער, זאָל זיך נאַריש מאַכען, זיך אַנידערלעגען קראַנק. ווי געשיקט זיך עס! דער צווייטער זאָגט: כ׳לעבען, וואַרף אוועק דיינע וועהטאָגען, טהו אַ שפּיי אויף דער קראַנקהייט, בעסער האָב אין זינען, אַז ביי דיר איז דאָ אָהן עין הרע דערוואַקסענע טעכטער, און זעה, אַז מיר זאָלען באַלד אין־גיכען, אם ירצה השם, טאַנצען אויף זייערע חתונות. און בריינגט איהם ראַיות פון זיך אַליין, פון דעם מאָגען זיינעם, פונ׳ם פאַלען אויף די קריזעס און פון די מערידען, וואָס האָבען איהם צרות אָנגעטאָן, פונדעסטוועגען... גאָרינגשט, בין געזונד, און ברוך השם.

אין דער צייט וואָס יענע האָבען דאָ פערפיהרט אַזאַ שמועס, גע־בענדיג דערביי, טאַקי ווי מענשען, וואָס זענען געפּרובט געוואָרען מיט קריינק. עפּיס מיני מאָדנע רפואות, ערב־זייענדיג, אַז ס׳וועט ווירקען, — האָב איך מיינס אָבגעמאַכט בקיצור, זאָגענדיג: אי, כ׳לעבען, רב שלמה! — נאָר כדי מקיים צו זיין אַ אידישען מנהג, און פּטור. אין אַזוינע מיני

זאָגן, ווי אויך אין ווינשעווען נחמות, ברכות, בין איך אַזאַ עם הארץ, וואָס דאָס גלייכען צו מיר נישטאָ.

רב שלמה הויבט זיך אויף פונ׳ם אָרט, געהט און נעהמט ארויס פון אַ קעסטעלע אַ קליין פּעקעלע, בינדט איהם אויף, לעגט עס אנידער פאַר אונז און זאָגט:

— קוקט, רבותי, זעהט, וואָס ליעגט פאַר אייך.

— קענעפּלעך זעהען מיר — זאָגען מיר אַלע גלייך ארויס — ווייסע ביינענע קנעפּלעך. אלא, וואָס איז דאָס אזוינס?

— דאָס זענען די קנעפּ פון מיין איינציג קאַפּאָטקעלע, וואָס איך האָב געהאַט אויף מיר צום לייב, ווען איך בין אין דער יוגענד פערוואָר־געלט געוואָרען פון מיין היים אין דער ליטא, צוריק אַ פערציג יאָהר — זאָגט רב שלמה שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ.

— אָבער וואָס פאַר אַ שייכות זענען די קנעפּ מיט אייער נישט־גע־זונד־זיין, און וואָס האָט איהר זיך גראָד איצט אין זיי דערמאָנט? איז אונז אַ גרויסע קשיה.

— אוי, ס׳איז שייך און שייך, זיי געהערען זיך זעהר גוט אָן! הלואי וואָלט איך אין זיי נעכטען נישט געווען פארגעסען — זאָגט רב שלמה מיט אַ ביטערען זיפץ, זעצענדיג זיך צוריק אויף זיין בענקעל, פער־מאַכט די אויגען און שווייגט אַ ווילע פערזונקען אין די געדאַנקען.

דערנאָך הויבט ער אויף דעם קאָפּ און ווענדט זיך צו אונז מיט אזוינע דבורים:

— איך בין זיך מתודה פאַר אייך: רבותי, אַז איבער מיין הייסען כאַראַקטער בין איך נעכטען נכשל געוואָרען אין אַ הארבע עברה, איך האָב ארויסגעטריבען אַ אָרעם יונגעל, אַ פערוואָגעלטען אַ פערלאָזטען, נעבעך, אַ נאַקעטען און אַ — הונגעריגען, וואָס האָט געבעטען רחמים איבערצונעכטיגען ביי מיר אין שולע אין אַזאַ פינסטערער רעגען־שניידע־דיגער נאַכט. ניין, רבותי, ער האָט נישט געהאַט דערביי קיין שום שלעכטע כונה, ער איז באמת אַ גר און אַ פערוואָגעלטער, און נאָך מעהר, ער איז זיכער פון די ישיבה־בחורים אין דער ליטא. דאָס איז מיר קלאָר געוואָרען באַלד טאַקי, ווי ער איז נאָר ארויסגעגאַנגען, פונ׳ם שטעהן זיינעם בהכנעה, פון זיין קליידונג, און טאַקי פון דער בקשה זיינער גופא. מיט אַזאַ מין בקשה וועט ניט קומען איינער אַ היגער. ס׳וועט איהם אזוינס גאָרנישט איינפאַלען אפילו, נאָר דוקא אַ וואנדערער פון ערגיץ אַ ווינקעל אין דער ליטא, וואָס די בתי־מדרשים און ישיבות דינען דאָרטען פאַר אכסניות פאַר די אָרימע בחורים. איך אליין בין דאָך דערמיט געפּרובט געוואָרען נישט איינמאָל נאָר, אין מיינע יונגע יאָהרען. די נעכטיגע נאַכט האָב איך

פערברױכט אין גרױס עגמת נפש, נישט געקענט קײן אױג צומאַכען, אַזױ שרעקליך האָט מיר דאָס האַרץ געפּלאַגט, אַזױ האָט מיר באַנג געטאָן. די געשטאַלט פון דעם דערשלאָגענעם בחור׳ל און צוגלײך אױך מײן געשטאַלט, װען איך בין נאָך געװען אַ יונגעל, געקלײדט װי ער, האָבען פאַר מיר געשװעבט די גאַנצע נאַכט און מיר שרעקליך געפּײניגט. ציטערענדיג־טרעסלענדיג זיך שטעהט פאַר מיר דאָס אומגליקליכע בחור׳ל. ער שװײגט. נאָר די אױגען זײנע דערצעהלען זײנע צרות, אױפ׳ן פּנים זײנעם ליעגט אױסגעדריקט אַ געבעט: האָב רחמנות אױף אַ געפּײניגטען, אױף אַ הונגעריגען, נעהם אַרײן דעם פרעמדען, דעם נאַקעטען, און זאָל ער בײ דיר נעכטיגען אין אַ װינקעלע! ער שטעהט מיט אַ צובראָכען האַרץ און װאַרט אױף הילף, אָבער אַנשטאָט הילף טהוט מען אױף איהם אַ היק, און מען טרײבט איהם אַרױס. שטיל און פאַרשעמט געהט ער אַרױס אָנבױגענדיג דעם קאָפּ, װי אַ שװאַכער בײגט אָן דעם אַקסעל, אַז דער שטאַרקער װיל איהם שלאָגען — די געשטאַלט אַװעק, און מײנע קומט! קומט, שטעלט זיך מיר פאָר, דערמאָנט מיר פריהערדיגע יאָהרען און זאָגט: דערמאָן זיך נאָר, רב שלמה, אָט אַזױ האָסטו דיך אױך אומגעװאָגעלט, אין דײן יוגענד, אַרױסגעהענדיג פון דער ישיבה, און אַזױ ביסטו אױך װי פערװאָגעלט פױגעלע געקומען אין אײנע פון די שטעדטלעך, װאָס דאָ אין דעם געגענד, נאַקעט און בלױז אין אַ צוריסען קאַפּאָטקעלע מיט װײסע בײנענע קנעפּ און האָסט זיך געבעטען אין אַ בית המדרש, מען זאָל דיך לאָזען דאָרטען דעם קאָפּ אַנידערלעגען. װי־זשע ביסט דו עס אַזױ שלעכט, רשע אײנער, הײנט אין גוטע אומשטענדען? װי האָט דיך פערטראָגען דאָס האַרץ הײנט, אַז דו ביסט געװאָרען אַ גאַנצער פּריץ, און ס׳איז דיר מיט דעם אױבערשטענס הילף גוט, צו דערװײטערען אַ עלענדען, אַ דערשלאָגענעם, נעבעך, װאָס דו אַלײן ביסט אַמאָל געװען אין זײן שטאַנד? אָנגענומען, אַז דו האָסט אפשר נישט געקענט געבען איהם בײ דיר אַ נאַכט־לעגער, האָסט דו געמעגט איהם געבען עפּיס געלד, ער זאָל קענען איבער־נעכטיגען אין אַ אַכסניא. צו־װעניגסטען, אױב ניט אַ נדבה פון דער קע־שענע, האָסט דו דאָך איהם געקענט געבען אַ גוט װאָרט מיט׳ן מױל. און דו, נישט געגנוג, װאָס דו האָסט נישט געגעבען נישט דאָס און נישט יענץ, האָסט דו איהם אַזױ מאוס אַרױסגעטריבען. — אױ, נישט פאַר אײך געד־ראַכט, ברידער, אַזאַ פּלאָגען זיך װי נעכטען און אַצינד נאָך אױך!

—פונדעסטװעגען נעהמט אײך נישט אַזױ צום האַרצען — טרײסט איך רב שלמה׳ן — עס טרעפט זעהר אָפט אַזעלכע מעשים, בײזאַכען, און קײנער מאַכט זיך נישט דעראױס. לאָמיר נעהמען, אַ שטײגער, אָט די גרױסע סוחרים, די בעריהמטע באַנקירען און טאַקי אַלע גבירים אונזערע,

וואָס בעהאַנדלען אַזוי שלעכט זייערע מענשען, נישט־ברחמנות׳דיג, ווער, (זאָל זיי צו קיין גנאי נישט זיין) זענען זיי אַליין? כמעט אַלע זענען זיי אויפגעקומענע משרתים, וואָס שפּילען היינט די ראָלע. אין דער יוגענד זענען זיי געווען משרתים אין קליינטען און אַבסניות און האָבען געלייזט פון זייערע בעלי־בתים אין טאַטענס טאַטען אַריין הונדערט מאָל אַ טאָג. אַזוי איז שוין געשטעלט אין דער וועלט פון זינט זי איז בעשאַפען געוואָרען, אַלע פערגעסען זיך, ווער עס האָט די בייטש אין האַנד, שמייסט, נישט צו געדענקען, אַז ערשט נעכטען האָט ער מיט זיין כבוד אַליין פון דער אייגענער בייטש טאַקי געהאַפּט שמיץ. אַ קיילעדיג בייכעל, עזות און געלד נעהמען צו דעם זכרון. אויף אַלע פעהלער און פּלוי אין דער נאָז פערדעקט די מטבע. בעקומט איינער געלד, האָט ער די וועלט און יענע וועלט.

— אייערע טרייסט־ווערטער זענען נישט קיין ענטפער — ענטפערט רב שלמה — דאָס שלעכטס הערט ניט אויף שלעכט צו זיין דעריבער נאָר, ווייל עס איז אַ געוועהנטליכע זאַך. כשר מאַכען אַ חטא דערמיט, ווייל מען געפינט איהם אָפט ביי אַ סך מענשען אין דער וועלט, הייסט אַזוי פיעל, ווי מען זאָל זאָגען, אַ שטייגער, אַז אַ שטומפיגע ראיה, טויבקייט און שטאַמלען איז נישט קיין פעהלער, ווייל אין דער וועלט זענען דאָ גוזמא־גוזמאות טויבע, שטומע און בלינדע. וואָרום אויב אַזוי, מוז דאָך אויסקומען, אַז סיי דער יצר טוב מיט זיין גוטסקייט און סיי דער יצר הרע מיט זיין שלעכטסקייט זענען נישט ווערט קיין דרייער. ניין, רב מענדעלי, אומזיסט די רעד אייערע. איך ווייס ביי מיר מיין שולד און פּיהל, אַז איך האָב גע־האַנדעלט שלעכט.

— אָט דאָס האָסט דו טאַקי פון גאָט אַליין אַ מוסר דערפאַר, וואָס דו פּוילסט זיך אויפשרייבען דיין לעבענס־געשיכטע — זאָגט איינער פון דער חברה — וויפיעל מאָל האָט מען דיר געזאָגט און געזאָגט, דו זאָלסט דאָס טאָן און האָסט נישט געפאָלגט.

— אָט דאָס דאָזיגע בחור׳ל איז טאַקי ווי אַ שליח פון גאָט געקומען אויפצוטרייבען דיך, אַז דו זאָלסט לסוף זיך דערמאַנען אָן דיינע פריהער־דיגע יאָהרען — העלפט אונטער דעם ערשטען נאָך איינער — אָט האָסטו אַצינד נישט ווילענדיג טאַקי זיך דערמאַנט אין די קנעפּלעך פון די יונגע יאָהרען און הלואי זאָלסט דו זיך אויך דערמאַנען נעמען אָנצושרייבען, ווי ס׳האָט זיך געלעבט אידען אַמאָל, אין יענער צייט, כדי עס זאָלען נישט פערפאַלען ווערען ווי אין וואַסער אַריין.

— ווער האָט אייך געזאָגט דעם סוד, וואָס איצט ביי מיר אין האַר־צען! — טהוט רב שלמה אַ זאָג און דאָס פּנים פלאַמט איהם, — אויף

מיין געלעגער נעכטיגע נאכט ליגענדיג פערטראַגען, אין שטוב איז שטיל און אין דרויסען שטורעמט א שרעק, איז מיר ווי א בליץ אריין — דער געדאַנק, אָט דער טרעפער, דער אויסלעגער, וואָס זיצט אין דעם מענשענס האַרץ, — און האָט אויסגעלעגט, אז די מעשה מיט דעם בחור׳ל איז א וואונק מיר פון אויבען, און פון יענער צייט אָן הערט ער נישט אויף צו־צוטרייבען מיך און זאָגט: שרייב! אין דעם מענשענס לעבען קומט פאָר אמאָל אזוינס, וואָס צווינגט אפילו דעם אפיקורס, וואָס לייקענט אין דער השגחה, גלויבען, א ס׳איז פאַרהאַן א פערבאָרגענער, אזעלכער, וואָס אלס־דינג בעשטעהט דורך איהם, איטליכע זאַך אין איהר צייט, אויך אזעלכע בעדינגונגען, מיט וועלכע עס איז געשטעלט געוואָרען פון לכתחילה. עס זעהט אויס, אז אזוי איז דאָס מזל מיינס און אזוי איז שוין מיר בעשעהרט, אז מיר זאָל עס געהן אין דער וועלט אלץ מיט שטורעם. מיין לעבען איז א שטורעמדיגער ים, מיינע יאָהרען — רוישענדע כוואַליעס און די נשמה מיינע — דאָס שליידערנדיגע שיפעל. און דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב מיך אָנגעהויבען צו דערקענען, איז אויך געווען מיט שטורעם. — ס׳איז פריהלינגס־צייט. פלוצלינג ווערט א חמארע און צווישען די גערטנער אויף פריש־גרינעם גראָז לויפט זיך א אינגעלע באָרפיס אין איין העמדעל מיט א היטעלע אויפ׳ן קאָפּ. לויפט געשווינד, אָבשטעלענדיג זיך צו־ווײלען, די אויגעלעך וואַרפען זיך אין אַלע זייטען, און די אויערלעך הערען־צו אויפ־געשטעלט ווי ביי א העזעלע. יענס קינד דאָס בין איך מיט מיין כבוד אליין. דאָס מאָל עפענט זיך מיר צום ערשטען מאָל אויף די אויגען מיינע און איך ענטפלעק מיך צו מיר אליין אינגאַנצען ווי איך בין — איך ענטפלעק מיך און בלייב פערגאַפט אויף דעם בילד, וואָס שטעהט פאר מיר. איינער אליין געפין איך מיך דאָ, קיין לעבענדיג בעשעפעניש ארום נישטאָ. נאָר הימעל און ערד. א פלויט פון איין זייט, א פלויט פון דער אנדערער זייט. אָט גיט א זעץ, א קלאַפּ אויבען אין דער הויך. דאָס קול קייקעלט זיך, אין ענדע וועלט צעפאַלענדיג זיך אויף א סך שטאַרקע קולות דאָרט. און פייערדיגע שלאַנגען פליהען מיט א צוק אין הימעל. — אָט דאָס קלאַפּען רעדער פון גאָט׳ס רייטוואָגען, טראַכט איך ביי מיר, גאָט פאָהרט עס דאָרט אין הימעל, טראַסקעט מיט דעם בייטש אזש פונקען פליהען. א זייל פון שטויב הויבט זיך אויף פון דר׳ערד, עס יאָגט זיך, עס דרעהט זיך ווי א דריידעל. גאָר באַלד גיט א גאָס א רעגען, א ליעבער וואַרימער רעגען גאָר א דער־קוויקעניש, גרויסע טראָפּענס פּויקען אז אויף גרינוואַרג אין די גערטנער: רעטעכלעך, ציבעלע, קנאָבעל יונגעטשקע בויגען איין די קעפּעלעך, ווי קינ־דער ביים מאַמען אין שויס, און צוואָגען זיך מיט פערגעניגען. אין דרויסען לאָיען פון הונדערטער ערטער קליינע רינקעלעך, נעהמען זיך אויפ׳ן וועג

צונויף, פליסענדיג ווייטער, ווייטער, זוזענדיג אין די אויערען. און אַט טהוט זיך אַ ווייז די ראָד פון זיין רייטוואָגען, אַ ראָד אַ גרויסע דאָרט אין הימעל. נאָר אָבער אַ האַלבע זעהט זיך ארויס וואונדער־שען געפּאַרבט, אַ פערגעניגען צו קוקען, און עפּיס אַ ליכטיג שיין אַנטגעגען. די זון געהט ארויס דאָרט פון אונטער דער ראָד. ווי אַ חתן פון אונטער דער חופּה, גיט אַ קוק צו דער ערד, שיינט זי, אַ ווינק צו די וואָלקענס—ווערען זיי רויט...

דאָס איז דער אָנהויב פונ׳ם דערקענען מיך אַליין, גאָט און די וועלט זיינע. מיט דונערען און בליצען איז מיר דאָס אַלסדינג ענטפּלעקט געוואָרען צום ערשטען מאָל און דאָס מענשליכע פערשטאַנד האָט אין מיר אַ שיין געגעבען דורך דעם שטורעם. אָט דאָס וואונדערליכע בילד האָט זיך מיר איינ־געשניטען אין הארצען. אייביג וועל איך, וויל איך עס נישט פארגעסען די גאַנצע פּאַנאָראַמע פאַר מיר, און דעם לשון פון דער נאַטור ארום מיר האָב איך דאַמאָלסט פערשטאַנען און האָב עס געפיהלט מיט׳ן הארץ פון אַ אומ־שולדיג קינד. איך האָב פערשטאַנען דעם לשון פון די קרייטעכצער און גע־וועקסען פון גאָרטען, דאָס ליעד וואָס די רינעלעך וואסער פּלאַפּלען, און וואָס פראָש קוואַקעט ליגענדיג אין בלאָטע ביז׳ן האַלז, אויסשטעלענדיג אַ פּאָר גרויסע אויגען—האָב איך גוט פערשטאַנען, איך האָב דאָך איהר אָבגע־ענטפערט קוואַקענדיג אויך אויף אַ קול ווי זי. און אַז איך בין געקומען אין הויף פון אונזער הויז. איז ארויס דאָס קעלבעל פונ׳ם שטאַל אויסגלייכענ־דיג די ביינער, אַראָב לאָזענדיג דעם קאָפּ און אויפהייבענדיג דעם עק און געמעקעט, און ס׳איז אויך ארויס די הוהן מיט איהרע קינדערלעך און גע־פּיקט אין מיסט פישענדיג, און דער האָהן געהט־מיט פּאַראויס קוממיות זעהר האָפּערדיג און מאַכט קוקעריקו. אויך די קאַטץ זעה איך, ווי זי געהט אַראָב פונ׳ם דאַך, קאַראַבקעט זיך אויפ׳ן וואַנד און מיאַאוקעט. האָב איך געוואוסט וואָס זיי ווילען, און האָב איטליכען אָבגעענטפערט אויף זיין לשון: געמעקעט, געמיאַוקעט, געפּישצעט הויך אויפ׳ן קול. פערשטאַנען האָב איך נאָר נישט דעם פּאַטש, וואָס דער טאַטע האָט מיר געגעבען, און וואָס בעדייט דער מאַמעס געשריי אויף מיר, אַז זי האָט מיך דערזעהן פּיטש נאַס פונ׳ם רעגען; וואָס זיי זענען אויסען געוועזען דענסמאָל און וואָס מיין רבי און אַנדערע מענשען זענען אויסען געוועזען פון מיר דערנאָך—דאָס האָב איך נישט געקענט פאַרשטעהן.

רב שלמה שפּאַרט זיך צו מיט׳ן קאָפּ צום פאַרענטשיל פון שטול שוויי־גענדיג אַ ווייליע. פונ׳ם אויסדרוק פון זיין פּנים און די אויגען איז געוועזען צו דערקענען, אַז ער איז שטאַרק צוקאָכט און מיר האָבען פערשטאַנען, פאַר וואָס ער איז אַזוי צוקאָכט. זיין לעבען האָט זיך איהם געצווייגען ווי אַ וועג

פול דערנער מיט שטיינער. אַט גיעהט ער באַרג אַרויף איבער הויכע שפּי־ציגע סקאַלעס און אַט לאָזט ער זיך אַראָב אין טיעפע אָבגרונדען. אַצינד ביים עפענען די אַלטע פעקלעך צרות און ביים אָנריהרען מיט אַ פינגער די וואונדען, מכות, נאָך אינגאַנצען נישט אויסגעהיילטע, מוז מען דערביי פיהלען שמערץ, אַ שמערץ זעהר אַ גרויסען. בערוהיגענדיג זיך אַ ביסעל, הויבט ער אָן ווייטער צו ריידען.

— איך וויל אַצינד ענדיגען אייך מיין שמועס, וועלכער איז נעכטען אין אָנהויב איבערגעהאַקט געוואָרען. שוין אַ לאַנגע צייט אַז די פען מיינע געפינט זיך צווישען צוויי פערשיעדענע דעות פונקט קאַפּויר איינע פון דער אַנדערער, ווי דער אָרון פון מחמד׳ן הייגגט, לויט ווי מען זאָגט, צווישען צוויי מאַגנעטען. אין דער צייט וואָס איינע פון די דעות ציהט זי אַהין צו בעשרייבען אַלטע זאַכען וואָס פריהער, איז די וואָס אַגעגען האַלט זי אָב ציהענדיג זי אַהער צו בעשרייבען וואָס אין אונזער צייט געהט פאָר. און די דאָזיגע צוויי שפּאַרען זיך איינע מיט די אַנדערע אין מיר ווי צוויי קרע־מער קריגען זיך איבער איין קונה, צונישט מאַכענדיג דערביי איינער דעם אַנדערענס סחורה. איינער זאָגט: גאָט זאָל אָבהיטען פון דער מאָדנער נייער סחורה און פון די שעהנע תכשיטים היינטיגע צייטען ביי אידען! אַלץ וואָס דו זעהסט איז נישט מעהר נאָר פּורע שווינדעל, און אַ אויגען־פערבלענ־דעניש, פאַרזילעבערטע שערבלעך, אַ אויסגעבלאָזטע איי, צוגעפּוצט, פער־פאַרבט פון דרויסען און שמוציג, פע, פון אינעוויינינ. ס׳איז נישטאָ קיין עכטער טיפּ מיט זיינס אַ ווילען, מיט זיין אייגענעם כאַראַקטער. עפּיס גאָר אָנגעשטעלטע גולם׳ס, משטיינס־געזאָגט, ווי קוקלעס אַזוינע, דאַכט זיך, עפענען ליפּעלעך, פּויקען, בלאָזען, קלינגען און גיבען פון זיך אַרויס אַ קול נישט פון אַ לעבעדיגער נשמה, נאָר דורך עפּיס אַ פריזינקעלע. כ׳לעבען, לאָז זיי אָב, און נאָט אייך בעסער אַנטיקען אַלץ פּאַטערשע, וואָס עס לעבט און עס האָט אַ אייגענעם ווערטה... אַגעגען זשע די שרייט: קומט צו מיר, קוקט אָן מיין סחורה און קוקט נישט אויף יענץ, וואָס שמעקט שוין מיט קברות־בלעטלעך, וואָס טויג אייך, רב איד, פערשימעלטע זאַכען — אויף דערויף שרייט מען דאָך טאַקע אין דער וועלט, אַז אידען מייסטענס רייסען זיך אָב פּונ׳ס איצטיגען אין דער וועלט און דער קאָפּ ליעגט זיי העט־העט אין דער פערגאַנגענהייט, זיי געהן אומגעקערט מיט דעם פּנים אַ הינטער נישט צו זעהן פאַר זיך דעם וועג, שטרויכלען זיך און פאַלען. אין אַלע זייערע הנהגות — ביי זיך אין שטוב, אין שוהל און אין דער ליטעראַטור זייערער זענען זיי ווי די טויטע, טויטע זענען זיי ביים לעבען און לעבען מיינען זיי נאָכ׳ן טויט. אַ איד אַז ער לעבט איז גערעכענט ווי גאָרנישט, ערשט נאָכ׳ן טויט ווערט ער געהויבען מיט אַ שענער מצבה

— אלע מתים בעקומען דעם טיטול תם וישר, א נדיב, א חכם. רעטיך, צי־בעלע ווערען צעדערבוימער, א פלאטע — א לויתן אויפ'ן בית עולם. הכלל דער היינט איז ביי זיי גארנישט, אין אמת'ן אבער איז דאך דער עיקר לעבען פארט טאקי נאך אין דער הייסער מינוט, אין וועלכער מען געפינט זיך. דער מענש, וואס נויטיגט זיך ווי א לעבעדיג בעשעפעניש אין אזוי פיעל בעדערפעניש, איז מחויב ווי ווייט מעגליך אויסצוזוכען אזוינע מיטעל און זיי צו פערבעסערען אזוי, אז דורך דעם זאל איהם דאס לעבען אויף דער וועלט ניחה זיין. הייסט דאך עס, אז ער מוז דערינען ארבייטען אינ־איינעם מיט אלע מענשען אין זיין צייט.

— לאזט זיך, זייט־זשע מוחל — דינען, זאגט רב שלמה, זעהענדיג, א מיר ווילען איהם איבערשלאגען די רייד — איך וויים וואס איהר ווילט מיר ענטפערען. איהר ווילט זאגען: אליין פאר זיך גענומען איז נישט איינע פון דיביידע דעות ריכטיג, ווייל איטליכע פאר זיך איז דאך נישט מעהר נאר ווי איין זייט פון דער זאך, איבער וועלכער עס רעדט זיך. אלס־דינג אין דער וועלט האט צוויי זייטען און דער אמת בעדארף ארויסקומען פונ'ם אננעהמען די ביידע אינאיינעם. נאר אבער אזוינס קען נאר אדער א גרויסער חכם, א געזעצטער מענש, אדער פערקעהרט א וואריאט, וואסווארפט זיך אין אלע זייטען און פאר איהם איז רעכט, ווי א טאג ארבייטער, איטליכעם מין ארבייט, וואס קומט איהם צו דער האנד, נישט איבער־קלייבען. אנטראגען שטיינער, ליים, ציגעל צום בויען, אדער פאנאנדער־ווארפען א וואנד, גראבען אין מיסט און רייניגען א שטאל, — וואס מאכט דאס איהם אויס, אבי געארבייט און בעקומען געצאהלט. — איך אבער בין פון די מיטעלע מענשען, וואס האפען זיך נישט צו איטליכער ארבייט, און נעהמען זיי זיך שוין אריין אין קאפ עפיס א זאך, האלט מען זיך דער־מיט שטענדיג, נישט אראב דערפון אויף א האר אין דער זייט. און דערצו נאך — בין איך זיך מודה פאר אייך. בין איך בטבע פויל — איך טראכט מעהר ווי איך טהו. אבי עס טרעפט זיך נאר עפיס א שטיקעל עכוב, בע־פריי איך מיר פון איהר זעהר גערן. דעריבער אז די דעות זענען מחולק אין מיר, האלטען זיך מיר ביי דער פען, ציהענדיג זי איטליכער צו זיך, פסק'ע איך ווי יענער מאן דאמר: נישט צו דעם, נישט צו יענעם, לאז זיך ליגען ביז וואנען משיח וועט קומען. און אט קומט ער... דער בחור. ער קומט אן פלוצלינג מיט דעם שטורעם און גיט מיך א דרעה צוריק צו דער פערגאנגענהייט. אצינד דער קאפ ליעגט מיר אינגאנצען אין יענער צייט, דארט וואו איך האב געלעבט אין דער יוגענד. אלט, זאט מיט צרות, מיט א האריץ אנגעפלאגט און פערוואונדעט פון פליהענדיגע פיילען אין לעבענס־קאמפף. געפרואבט מיט ביטערע שווערע יסורים, האב איך מיך אומגע־

קעהרט צו מיין וועלטעל וואָס אַ מאָל, און דער כח המדמה ברייננגט מיר ארויף פון אונטער ערד זיין צויבער, ווי יענע כשוף־מאַכערין פאַר שאול׳ן אין עין־דור, פאַרשיעדענע בילדער און צורות, מיט נאָך פיעלע מיני משונה אַלטע זאַכען פון אַמאָליגע יאָהרען. זיי קריכען ארויס און קוקען אויף מיר בייז, ווייל זיי פערשטעהן זעהר גוט, וואָס דאָס אומקעהרען זיך מיינט צו זיי בעדייט, און צו וואָס זיי ווערען דאָ ארויסגעפאָדערט — זיי ווייסען, אַז דאָס בין איך געקומען נעהמען זיי, און ווייזען זיי פאַר דער וועלט אויף וואונדער. אוי וועה, יענע וועלטעל מיינס איז זעהר אַ קליינס, דאָרטען בליהען נישט קיין פּאָמעראַנצען, עס וואַקסען נישט קיין רויזען, מען זעהט דאָרטען נישט קיין גרויס נחת, טייכען פון מילך און האָניג גיסען זיך דאָרטען נישט און דער עולם דאָרט איז אַ געמיינער, נעבעך, אידען מיט בערד און פאות און מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, דאַרע, קוואַרע, געבויגענע, קראַנקע, צובראָכענע, דערשלאָגענע, פערשוואַרצטע, פערפינסטערטע, צי־טערען פאַר דער שיין. עס טהוט מיר זעהר באַנג, רבותי, בעאומרוהיגען די אַלטע ביינער זייערע און מטריח זיין די דאָזיגע מתים זיי זאָלען ארויף אויף דער סצענע מיט זייער כבוד אליין. און ווער ווייס, צי וועלען זיי זוכה זיין צו אַ שעהנעם אויפנאַהם. פיעל פון אונזערע אידעלעך זענען דאָך, נעבעך, היינט זיך שטאַרק מצער איבער זייער נאָז, וואָס שטעהט און שרייט ארויס איטליכען, אַז דאָס זענען פון די בני יעקב! ווען זיי זאָלען נאָר האָבען די מעגליכקייט, וואָלטען זיי פערביטען זי אויף אַ אַנדערע — און פּלוצלינג טראָגט דער רוח אָן פון ערגעץ אידען אַלטע, פערשימעל־טע, עפּיס משונה־ווילדע מיט זייער שטעהן, מיט זייער געהן, מיט זייער ריידען און מיט דעם גאַנצען בענעהמען זייערען, מישטיינס־געזאָגט, אָנ־צוטאָן זיי אַ בושה עפענטליך פאַר אַ וועלט מענשען. ניין, ברידער, דאָס איז נישט קיין שפּאַס, איך זאָג טאַקי ארויס אייך גאַנץ ערענסט אַזוינס, וואָס האָט מיר געמאַכט עגמת־נפש, און וואָס צוליעב דעם האָט איהר מיך געטראָפען זיצענדיג אַזוי פערזאָרגט און פערטיעפט אין די געדאַנקען. און באמת טאַקי, וואָס האָט מען צו דערצעהלען פון אונזער לעבען אין מיינע צייטען? איבערראַשט די וועלט מיט גרויסע וואונדערליכע זאַכען האָבען מיר נישט קיין גראַפען, פּריצים און גענעראַלען און גרויסע שיסערס זענען מיר נישט געווען, קיין ראָמאַנען מיט יפה־פיה׳ס האָבען מיר נישט געשפּיעלט. שלאָגען זיך אויף דועלען ווי די בעק, אָדער זיין ווי עדות צוקוקען, ווי צוויי פערגיסען זיך דאָס בלוט, האָבען מיר נישט געפּרובט, און טאַנצען קאַדרי־לען מיט נקבות אויף בעלער האָבען מיר נישט געקענט. און אויף געיעג אין פעלדער, אין וועלדער צו חאַפּען בערען, זענען מיר נישט געגאַנגען. גערייזט אויף אייגענע שיפען איבער ימ׳ען אויפצודעקען נייע אינזלען

האָבען מיר נישט. מיט טענצערענס און אַקטריסעס האָבען מיר קיין גע־שעפטען נישט געהאַט, און איבער פּרימאַדאָנעס און אַנטאָן זיך די גרויסע פאַרגעניגענס האָבען מיר זיך נישט אויסגעבראַכט. בקיצור אַט די אַלע צימעסלעך צום ספּור המעשה, ער זאָל זיין געשמאַק און נעהמען דעם עולם — אַט דאָס אַלסדינג איז נישטאָ ביי אונז און אַנשטאָט דעם האָבען מיר אַ מלמד, מיט אַ חדר, מיט אַ בעהעלפער, שדכנים, חתנים, כלות, מיט וויי־בער, קליינוואַרג, חלוצות און עגונות, אַלמנות און יתומים, נשרפים, געפּאַ־לענע און אָבגעקומענע, אַלע סאָרטען אָרימע לייט, ארומגעהענדיג איבער די הייזער ערב שבת, ערב יום טוב, ראש חודש און גלאַט אַזוי זיך מאָנ־טאַג און דאָנערשטאַג, בטלנים, גבאים, מקבלים, און צדקה־פּושקעס, אַלע מיני פּורעניות, דלות, קבצנות און אַלערליי מיני משונה׳דיגע פּרנסות, אַט דאָס איז אונזער לעבען, אַז אָך און וועה איז צו אונז! אַ לעבען, משטיינס־געזאָגט, אָהן נחת, אָהן אַ רוהיג געמיט... אַ פינסטערס אָהן אַ שיין, אָהן אַ שטראַהל ליכט; אַ לעבען וואָס האָט אַ טעם ווי אַ געקעכטס אָהן פעפער און אָהן זאַלץ.

— אַ טעות, כ׳לעבען, רב שלמה — זאָגען מיר: — נו, לאָז שוין זיין אפילו ווי איהר זאָגט, אַז אין דעם אידענס לעבען פעהלט געווירץ, אָבער דערפאַר האָט ער אין זיך אַ מין אידישען טעם, וואָס ס׳איז נישטאָ זיין גלייכען. ס׳איז טאַקי אַ מין קעז, וואָס ער איז מיט ווערים, און די מבינים וואָס פערשטעהען זיך אויף דער אכילה, צאָהלען דערפאַר אין טאָג אריין און עסען דאָס מיט אַ מאָדנעם אַפּעטיט. אַט די ביטערקייט וואָס איז אין אונזער לעבען, אַט דאָס איז טאַקי די גאַנצע חשיבות זיינע, און עס איז געשמאַקער דעם מבין פיעל מעהר ווי יענע פריקרע זיסקייט, פון וועלכע עס נודזעט אמאָל גאָר צום ברעכען. לעקעכלעך, דאָס איז אַ מאכל נאָר פאַר קליינע קינדער. דאָס לעבען פון די כנסת ישראל, חאָטש עס זעהט אויס שטאַרק מאוס פון דרויסען, אָבער שוין איז עס אינווייניג. אַ שטאַר־קער גייסט ליעגט אין דעם אידישען לעבען, אַ גייסט אַ געטליכער, וואָס ווי אַ ווינד וועהט ער שטענדיג, אויפהייבענדיג אין איהם חוואַליעס, כדי צו רייניגען זיי פון שמוץ און פוילקייט. די דונערען און בליצען, פּאַגראָמען און שטורעמס, וואָס קומען אויף זיי אמאָל, זיי לייטערען זיי, און גיבען זיי צו אַ נייעם קראַפט. דאָס אידישע פאָלק איז ווי דער פאַרצייטיגער גריי־כישער פילאָזאָף דיאָגענעס, דער קאָפּ זיינער פליהט איהם אין הימעל, דערקענט גאָטס גרויסקייט אָהן אַ סוף, און אַליין וואוינט ער דאָ צווישען די אומות העולם (ווי יענער אמאָל אין זיין פעסעל) צונויפגעשטיקט אין אַ בעשטימט ענג אָרט. אונטער די בערגלעך מיסט אין חדר, ישיבות און בתי מדרשים גליהט דאָס פייערל פון תורה, פאַרברייט ליכט און וואַרימקייט צווישען

גאנצען פאָלק. אַלע אונזערע קינדער, אָרים און רייך, קליין און גרויס, לער־
נען און קענען די קליינע אותיות. אָט אַזאַ לעבען, זאָגען מיר, איז רעכט און
עס פּאַסט טאַקי, אז ס׳זאָל פערשריבען ווערען לדורות.

— צוגעגעבען אפילו ווי איהר זאָגט — ענטפערט רב שלמה — איז
דאָך דאָס גערעדט געוואָרען נאָר אַקעגען דעם לעבען פון׳ם גאַנצען פאָלק
בכלל, אָבער מיין לעבען אליין, פאר זיך גענומען, מיט וואָס האָט עס פער־
דיענט און וואָס פאר א נייעס איז אין איהם דאָ, ס׳זאָל ווערטה זיין, מען
זאָל עס בעשרייבען? עס האָט זיך פּאסירט מיט מיר דאָס אייגענע, וואָס
מיט טויזענדער אַנדערע ביי אונז. גאַנץ געוועהנטליכע זאכען. איז דען דאָ
נאָך א אומה אויף דער וועלט, וואָס דער גאַנצער שטייגער לעבען פון
איטליכען בעזונדער זאָל זיך ציהען פונ׳ם געבוירען ווערען ביז דעם שטאַר־
בען אויף איין נוסח, ווי ביי אונז יודישע קינדער? די ערציהונג, דאָס
לערנען, דאָס דאַוונען און דער ניגון צו יעדער תפלה, צו יעדען פּזמון, צו
יעדער שטיקעל פּיוט, צו יעדער סליחה, האָט זיין געשטעלטען, געוויסען
נוסח, אפילו עסען און טרינקען האָבען אויך איין נוסח. איז עס דען וואו
געהערט געוואָרען, אז אין א געוויסער שעה, פרייטאג צונאכטס, א שטיי־
גער, זאָל א פאָלק יודען עסען פיש, לאָקשען און צימעס, שבת אין דער
פריה — רעטיך און פעטשא, לעבער און ציבעלעס מיט אייער, א אויס־
געפּריעטע קאַשע מיט א גרויסען מארך־ביין דרינען; אין דעם און דעם
טאָג זאָל מען עסען קרעפּלעך, אין יענעם טאָג המן־טאַשען און אין דעם
טאָג א געלען קוילעטש מיט זאפרען. הויבט איינער אָן זאָגען „כל מקדש"
אָדער שרייען „חי וקים" אין בערדיטשעוו, הערט זיך דער אייגענער ניגון
און דאָס אייגענע קול אויך אין ארגענטינע, וואָס אין עק וועלט. מיר
זענען א עדה פון מילבען, וואָס ווי איינע, אזוי די אַנדערע, אַלע גלייך.
אין דער נאַטור געשיכטע, זאָאָלאָגיע, ווערט גערעדט וועגען דעם מין
מילבען בכלל, אָבער נישט וועגען איטליכער מילב בעזונדער.

— אין פלוג, דאכט זיך, רעדט איהר גאַנץ גלייך — ענטפערט חברה
איהם — דאָס יודישע לעבען זעהט טאַקי אויס ווי מיט איין נוסח ווי ביי
די מילבען. אָבער אין אמת׳ען איז צווישען זיי דאָ א גרויסער חילוק:
די מילב מוז פון דער נאַטור טאָן אזוינס, וואָס ס׳איז געשטעלט געוואָרען
פאר דעם גאַנצען מין מילבען, נישט צוקרימען אויף א האָר. ביי מענשען
איז אָבער נישט אזוי. איין זאך וואָס ליגט אין דער טבע ביי א כלל מענ־
שען, בעקומט ביי יעדערן פון זיי א גאַנץ אַנדער פּנים, יעדערער טהוט
זי אויף זיין שטייגער, אַנדערש ווי דער צווייטער. ביי איטליכען מענשען
לאָזט זיך בעמערקען א בעזונדער כאראקטער אין דעם רעדען, אין דעם
שמייכעל, אין דעם ווינקען מיט די אויגען, אין דעם גאַנג, אין דעם שטיי־

זיך אלץ אויף אנדערע חקרנים, אויף אריסטו, אויף דעם „ספר־הברית“ וכדומה נאך אזעלכע, און ער אליין איז נישט אזא בעל־מוח; אייזיק דער שמידט אקעגען שטעלט נור אויף זיין שכל, ווייסט נישט פון קיין אריסטו און געהט אין חקירה אויף זיין אייגענעם דרך. בעזאנדערענס בעריהמט איז זייער שפּארעניש איבער באנקעס — פאר וואס שטעהט א באנקע צו פעסט צום לייב און פאלט נישט אראפּ? לייזקע זאגט:

— אזוי איז דיא מעשה, רבותי! דורך דעם שטעק מיט דער ברענענדיגער ליכט, וואס מען טהוט אין דער באנקע ווערט זיא, אט א־פּנים, אויסגעליידיגט פון דער לופט. היינט געדיינקט־זשע, יודען! אזוי וויא מיר האבען א קיימא־לן, אז דיא נאטור האט פיינד ליידיגקייט, בכן־רבותי, ציהעט זיך דאס לייב, אט א־פּנים, פארנעהמען דאס ליידיגע ארט אין דער באנקע.

— וואס מיר שטעק, וואס מיר ליידיגקייט־שמיידיגקייט! — זאגט אייזיק מיט א שמייכעלע גאנץ רוהיג, געהמענדיג זיך פארין בערדיל — און פריהער וואס איז דען, זאלט איהר מיר געזונד זיין, דיא באנקע געווען, נישט ליידיג? לופט האט דען א ממשות? אדרבה, פריווט זיך אויסציהען אויבען אין דער־הויך אויף דער לופט, אויב ס'איז אזוי. און גאר א־חוץ דעם, וואס איז עס גלאט פאר א לשון — אויסגעליידיגט דורך א שטעק מיט דער ליכט!

— דאס איז נישט מיין לשון — פּאנפּעט בייזליך לייזקע — אזוי זאגט אריסטו. איהר הערט? אריסטו!

— אווא, אריסטו! א קאטאוועס אביסעל אריסטו! א רב איז ער דען, וואס פּסק'ט שאלות, הא?

— אבער אז אזוי שטעהט דארט אין אונזערע יודישע חקירה־ספרים! — זאגט לייזקע שוין שטארק אויפגעבראכט.

— וואס טויג מיר, וואס בייא אייך, זאלט איהר מיר געזונד זיין, שטעהט אלץ דארט, דארט! איך אליין שטעה, ברוך־השם, אזוי פיעל יאהר שטעה איך אין קוזנע ביים אויבען. דארט ברענט א פייער, אביסעל א גרעסערעס פון אייער ליכט, און פונדעסטוועגען גארנישט, נישט דאס וואס דיא באנקע.... פאר וואס?

— ע־ע, וואס האט מען צו ריידען מיט א יונגעל! — טהוט לייזקע א זאג, א מאך נעבענדיג פאר גרויס פארדראס מיט דער האנד, און געהט אוועק, נישט אויסהערענדיג, וויא אייזיק דערקלערט דעם עולם אויף זיין דרך דעם שפּיטץ, וואס אין דער באנקע שטעקט.

אייזיק דער שמידט, א יוד, א ציידע, ברוך־השם, וואס האט שוין דערלעבט אייניקליך פון זיין עלטסטער טאכטער, בייא איהם אויף קעסט מיט דעם מאן א וואויל־לערנער, איז מיט אלע פאסטעמקעס זיינע געווען טאקי נור עפים א יונגעל – איין אלטער־יונגעל, וואס איז א חידוש צווישען יודען. נאך דער גרויסער מרה־שחורה, וואס דערוואקסענע יודען, בעווייבטע, מאכען אן מיט זייערע ערענסט־פינסטערע פנימער, מיט זייער זארגען אך־און־וועה, און ביטער־זויערען מוסר־זאגען תמיד, איז אייזיקס פריינדליכע־פרעהליכע צורה געווען שלמה׳לען אזוי מהייער גוט, אזוי צום הארצען וויא דיא ליכטיגע זון ביים בעווייזען זיך איהרס פון דיא פינסטערע חמארעס, און דער גאנצער שטיינער שמיעס זיינער מיט אלע זיינע אגדתא איז איהם געווען אזוי געשמאק, נאר א דערקוויקענניש, וויא א שטיקעל חקירות נאך א משונה.פריקרע הארב בלעטיל גמרא דאס יודיש קינד, וואס קוים שטעלט זיך עס אויף דיא פיסליך יודעלט מען עס שוין, מאכענדיג אוים איהם א קליין יודעל; וואס זיין יונגנד פארשווינד ניך וויא א חלום און ווערט, אז־אך־און וועה צו איהם, פאראומערט, געעלטערט פאר דער צייט — אט אזעלכס נעביך פיהלט זיך עפים וויא ניי־געבארען אין דעם געזעלשאפט פון א מענשען, וואס איז צו איהם צוגעלאזט, ווייזט איהם א גוטע מינע, וואס איז אליין אויך נאך גאר א קינד, וואס רעדט מיט איהם איין לשון, און געהט איהם אריין אין דער נשמה מיט זיינע מעשיות. דאס קינד לעכטצט נאך אזעלכען, נאך זיינס א ווארט, וויא א דאר גרעזעלע בשעת דיא גרויסע היטצען נאך א טראפען וואסער, און ווערט צו איהם צוגעזאטען מיט לייב און לעבען. נאר אזעלכע יונג־אלטע מענשען אבער איז זעהר שווער בייא אונז צו געפינען, וואס ווייטער־ווייטער וועט פון זייא נישט זיין אפילו אויף קיין שהחיינו. אין שלמה׳לעס צייטען איז נאך, אויף זיין מזל, געבליבען א פאר לייט אזוינע אין זיין שטעדטיל — אייזיק דער שמידט, איינער, און הערצעל קייל׳עס דער סטאליער, דער צווייטער.ביידע האבען געווירקט אויף שלמה׳לעס גייסט, דערהאלטען אין איהם דאס יונגע פייעריל, ביידע זיינען איהם געווען זעהר טהייער און צו ביידע האט איהם דאס הארץ שטארק געצויגען.

הערצעל קייל׳עס איז געווען וויא אייזיק שוין אין דיא יאהרען, א טאטע פון קינדער, אויך א דארער א בלייכער וויא ער, מיט דעם אונטערשייד נאר: אייזיק איז א הויכער און הערצעל א קליינינטשקער, נידריג געוואקסען. אייזיק איז געווען תמיד רוהיג, געלאסען, גערעדט אויף איין שטימע גלייך, נישט געדרעהט, געשריגען זיך נישט געיאגט, געהיטצט און נישט ארויס פון דיא כלים, אזוי וויא עס פאסט

טאקי פאר א חקרן. אקענען־דשע הערצעל איז א שפירט, ביים רעדען ביים זיך איהם דיא שטימע און ער נימט פון זיך ארויס משונה'דיגע קולות, א מאָל אויך מיט א קוויטש. דער שמיעס זיינער איז געהאקט, געבראָכען, לאָזט זיך אויס, פאר גרויס איילעניש, מיט א ווינק, א מאך מיט דער האנד. נאָר עפּיס נישט אזוי וויא ער וויל, קאָכט ער, זידט און צאפּעלט מיט אלע גליעדער, אינגאנצען טאקי א פּאָעט מיט דיא ביינער, אזוי משונה, אזוי קאפּריזנע, אזוי אויפגעבראכט וויא א פּאָעט. און באמת האט אין איהם טאקי עפּיס אזוינס געבורטשעט — עס האט אין איהם געשטעקט א גייסט פון א קינסטלער. דער דאָזינער גייסט זיינער האט אינוועניג אין איהם וויא דער סמבטיון נישט גערוהט, זיך געריסען מיט אלע קרעפטען ארויס, זיך צו ארויסווייזען אין אלערלייא האנד־ארבייט. דיא סאָלערייא איז בייא איהם געווען נישט אזוי, ווענען דער פרנסה וויא צוליעב דעם פארגניגען, וואס ער האט דרינען געהאט — צו מאכען א כלי. ער האט געקענט אוועקזיצען איבער א שטיקעל ארבייט מעהר וויפיעל מען בעדארף. פארציהרען עס מיט צאצקעס, שניטצערייא, האָטש יענער האט גאר אזוי פיל נישט פארלאנגט, נאָר צוליעב דעם אליין, עס זאָל זיין שעהן... ער האט געזעהען ליפא־ראובן'ס מאָהלט „אושפּיזין", אויפצוהענגען עס אין סכה, אריינדרעהענדיג אהין, וויא אין נח'ס תבה, אלערלייא חיות און עופות, געהמט ער און מאכט „א רבי יוסי" — א גע־מעהל אזעלכס, וואס שטעלט פיר א מעשה פון דער גמרא: „וויא רבי יוסי (אויסגעמאָהלט מיט א גרייז שפּיטציג בערדעלע אין טלית און תפילין) דאַוונט אין איינער פון דיא ירושלים'דיגע חורבות און הערט דאָרט א בת־קול, וואס ברומט וויא א טויב (שטעהט אויסגעמאָהלט עפּיס אביסעל משונה), זאָגענדיג: „אוי, וועה איז דיא קינדער, וואס פאר זייערע זינד האב איך חרב געמאכט מיין הויז, פאר־ברענט מיין היילינגען פּאלאטץ און זייא האב איך פארטריבען אין גלות צווישען דיא אומות!" מבינים אין דעם שטעדטיל האבען זאַט אָנקוקען זיך נישט געקענט אויפ'ן געמעהל און געזאָגט, אז עס איז איינס טאקי אין דער וועלט. רבי יוסי איז נאך יאָך רבי יוסי, אָבער דיא טויב, דיא ברומענדיגע טויב, רבונו־של־עולם, ס'איז עפּיס נאָר א גוואלד!.... הערצעל האט אויך געשפּילט פידעל, נישט אויף חתונות חלילה, דארויף איז דאָך געווען דער יודישער כליזמר, פייטעל, אויף דיא וואָכענדיגע טעג, און קאָנדראַט דער גויעשער אויף שבת, בייא דער כלה אויף דעם „פאָר־שפּיל" — נאָר גלאט אזוי זיך האט ער זיך געשפּילט. זומער פארנאכט, אז דיא שמאָדט־בהמות זיינען שוין געקומען פונ'ם פעלד, ליגען זיך, שוין אויסגעמאָלקענע, אויף דער גאס; אויס דיא קוימענס ציהעט זיך פּאמעליך עפּיס וויא פארשלאָפענע

חעל־גרויע זיילען רויך, וייבער שטעהען בייא דיא פריפעטשיקעס, קאָכען ועטשערע; ערגיץ פון־דערווייטענס, פון א טייכעל פארטראָגט זיך א קוואָקען פון זשאבעס און זשוקליך טראָגען זיך זשושענדיג ארום אין דער לופט — דענסטמאָל צוגיסט זיך געוועהנטליך הערצעל אויף א פידעלע, שטעהענדיג אין־דרויסען, בייא זיך אויפ'ן גאניקעל, באָרפיס, אין איינע תחתונים, מחילה. קינדער מיט שטיקער ברויט און האלבע אייער פארזאמלען זיך ארום איהם; שטאָפען אָן פולע מיילער, שטעלען אויף דיא אויערליך, גאפען און הערען. הערצעל פידעלט און זינגט אונטער, פידעלט און מאכט זיך נארעש מיט דיא קינדער, מהוט א פידעל און שטעלט זיך אָפּ, עס ארט איהם עפּיס, ווייטער א פידעל און — הע־הע! ער איז שוין אין כעס. אין דער־ערד אריין דיא פידעל, אויס שפּילען, הערצעל האט זיך צושפּילט — און באלד לאָזט זיך איבער דער גאנצער גאס הערען וויא א תקיעה־גדולה א לאנגער, א משונה־ווילדער קוויטש!.... הערצעל האט אויך ליעב געהאט אָפּגעבען זיך מיט זייען און פלאנצען בייא זיך אין גאָרטען. עס האט געהייסען בייא איהם איז דאָ א ביכעל, א „ספר־הרפואות“, וואס געהט אין דער משפחה זיינער איבער בסוד־סודות פון טאטעס צו קינדער, אין וועלכען עס שטעהט בעשריבען דיא טבע פון אלע מיני גראָזען און קרייטעכצער מיט דיא סגולות זייערע צו איטליכער קראנק־הייט בעזונדער, א שאָד, נאָר, חלעבען, וואס איז שטארק פארבאָטען מיט אלע פארבאָטענישען, אָסור־חזיר, דערמיט זיך צו בענוטצען. זיסט, וואָלט ער פשוט טאקי געקענט מחיה־מתים זיין. אויף כפּרות פערילא, אלטע גויעס, טאָטערקעס מיט זייערע קרייטעכצער! הערצעלס שטייגער לעבען איז איבערהויפּט נישט געוועזען לייטען גלייך וויא בייא אנדערע יודען — קיין שיינקעל אין שטוב בייא איהם נישטאָ, חוץ קיה איז נאך אין שטאל דאָ א פּאָר אָקסען, א פערד אויך, א פויער, טראָחים, אויף שכירות, אויך, אויף צו אקערען, בעארבייטען דיא פעלדער, וואס זיינען איהם איבערגעגאנגען בירושה פון זיינע עלטערן. א הונט, עס פארשטעהט זיך, איז אויך געווען, דער איינציגער יודישער הונט אין דעם שטעדטיל. אין שול אריין איז הערצעל געגאנגען זעהר זעלטען, נישט דערפאר ווייל ער איז געווען אין אפּיקורוס, האט נישט מורא געהאט פאר גאָט, חלילה! אדרבה, ער האט גע־גלויבט אפילו אין רוחות, מורא געהאט, געציטערט וויא געוועהנטליך א יוד נאָר וואס דען? גלאט אזוי זיך, גאר אָהן א שום טעם. דאס איינציגע טאקי מיט עמיצען אנדערש, ער זאָל פארפעהלען נור א מנחה, וואָלט מיט איהם געהאט צר טאָהן א וועלט מענשען — סטייטש הולטייא אָנזועטצען א מנחה! הערצעל אבער האט זיך נעמענט אָנזועטצען הונדערטער מנחות און נאָרנישט. קיינער האט זיך

דארויס נאר נישט נעמאכט, ווייל ער איז פארדעכענט נעווען בייא אימליכען פאר א יונגעל, א צוטראָגענע מין בריה, מישטעהנס־געזאָגט. היינט טאקי האט מען נאך מורא געהאט, צו־וואס זאָל מען זיך דאָ נארען, פאר זיין קוויטש אויף. איז ער גע־קומען א מאָל אין שול איז זיין בעסט אָרט געווען צווישען יונגליך ווייסע חברה, הינטער דער בימה, עס ווערט דאָרט א לעבען, א גערעדערייא, א געשטופערייא, און דאַוונען נישט קיין וואָרט, דער שמש טעג זיך, פון יוצא ווענען, שרייען: שא! און שיינע בעלי־בתים מענען פאטשען אויף דיא שטענדערס, טיאוס־קרומענדיג זיך, און מאכען: אי, אי!

הערצעל־קיילעס איז נעווען פאר שלמה׳לען אקוראט ווּיא געווינשט: דיא דאזיגע צווייא, פארשידען אין דיא יאָהרען, זיינע׳ געווען עפּיס וויא איינס אין זייערע נעפיהלען. דאס וואס שלמה׳לען האט עפּיס אלץ געמאָנטעט, איגוועניג אין איהם געבורטשעט; אזוינס וואס לאָזט זיך נישט דערקלערען, א מין ציהעניש אזעלכס וואס אָהן א נאָמען; עפּיס אזוינס, וואס איז נישטאָ בייא אלע פעריזאָרגטע, שעהנע יודען אין דעם שטעדטיל, מיט וועלכע כ׳איז איהם עפּיס איינג, עס קוועטשט איהם, שטיקט אידם נור צום חלש׳ן — אָט דאס האט ער, דיא נשמה זיינע, דער־שמעקט, מעשה־שטן, אין הערצעל־קיילעס. און לויט וויא עס ווייזט זיך שפּעטער ארויס, האט דער יצר־הרע קיין בעסערן חבר פאר שלמה׳לען טאקי נישט געקענט אפּזוכען.

**ע נ ד ע.**



12

אייזיק דער שמיד און הערציל קיילעס דער סטאָליאַר, וועלכע האָבען זיך געדעכענט ביים שטעדטעלדיגען עולם פאַר בכבוד'דיגע בעלי־בתים, זענען דערמיט געווען א חידוש צווישען די אַלע אנדערע בעלי־מלאכות דאָרט, אין יענער צייט, דאָס אייגענע טאַקע, וואָס א יוד מיט א אויבעל דענסמאַל, אָדער א יוד מיט א „פּאָטאָסוואָ" דערנאָך, און א יוד מיט א מיטעל „סאָוויעטניק" היינט, ביי וועלכע „שרייבערלעך" איז אָנ־געשטאַנען צו עסען פיש שבת, בימים ההם, און שררות צו טאַנצען אויף בעלער בזמן הזה. ס'איז דאָך באמת טאַקע א וואונדער: בעלי־מלאכות — און א פּנים פון מענשען! יודען — און אזא כבוד!...

יאָ אזוי טאַקע! ווי יודען ביי די אומות־העולם אזוי זיינען די בעלי־מלאכות געלעגען אין דער ערד ביי יודען. מעגליך, אז היינט נאָך ליגען זיי אויך אין דער ערד, אָבער פאָרט ניט אזוי טיעף ווי אמאָל. היינט זענען בעלי־מלאכות צווישען יודען דאָך נישט פערהאַסט. דער עולם פער־האַלט זיך אקעגען זיי שען, פריינדליך, ווי עס געהער צו זיין. מיוחסים נאָר, צוויי־פּנים'דיגע, זענען אקעגען זיי אין הארצען אנדערש ווי מיט'ן מויל,

אויך טאַקי ווי עס געהער צו זיין. נאָר אַ מאָל אָבער, און בפרט נאָך אין אַזאַ מקום תורה און יחוס ווי דאָס שטעדטעל ק... זענען בעלי־מלאכות געלעגען אין דער ערד טיעף נײַן איילען — זעהר שטאַרק דערנידעריגט. האָבען אַ בעל־מלאכה אין דער משפחה, אַ שניידער, אַ שוסטער, אַ שטייגער, איז געווען אַ פלעק, אַ שאַנדע. עס האָט זעהר אָפט געשאַדט צו אַ שידוך. אין בעלי־בתי'שען גראַד פלעגט מען אין שידוכים זוכען יחוס, פלעגט אויסגראָבען פון דער ערד רבנים, לומדים, שוחטים, חזנים, בטלנים, און בעגראָבען דעם בעל־מלאכה, טאָמער האָט ער זיך געפונען אין דער משפחה. דאָס הייסט פאַרלייקענט זיין געביין: עט, ווייס איך וואָס, גאָרנישט, פערד'ס פוס־פּיטקעווע! אַ שענקער, אַ אַרענדאַר, אַ בעל־אַכסניה, אַ קרעמער, אַ מלוה, זיי דאַנעגען זענען געווען נישקשה. אדרבה, זעהר פיינע מחותנים, אין שטאָדט געהייבענע בעלי־בתים מיט אַ ברייטער דעה אומעטום: אין באָד, אין שוהל, להבדיל, און אין קהל־שטיבעל. דערקלעהרען לאָזט זיך עס דערמיט, וואָס קיין אַנדערע נישקשה־דיגע פרנסות פאַר לייטישע יודען זענען אַ חוץ די נישט געווען. דערפון האָט מען געקענט לעבען פאַר זיך און אַ מאָל פאַר אַנדערע אויך — מיט אַ נדבה, מיט אַ טובה און אַ גוט וואָרט. האָבענדיג צוליעב זייערע געשעפטען בעקאַנטשאַפט מיט פּריצים, גרויסע לייט אין די הויכע פענסטער, איז מעגליך זיי געווען צו העלפען איינעם אָדער דעם כלל אין אַ נויטפאַל. ניט איין מאָל נאָר איז די ישועה געקומען דורך אַ פּריצישען בעל־אַכסניא, דורך אַ אַרענדאַר און דורך אַ מלוה, אַ באַנקיר הייסט עס היינט. סתם אַרענדאַרעס אין דערפער — איז זייער הויז אָפען געווען פאַר אָרעמע אורחים, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרען מיט עסען און טרינקען און מיט אַ נדבה אויך. מייגסטענס פלעגען אַרענדאַרעס אויסוועהלען פאַר זייערע טעכטער חתנים די בעסטע בחורים פון די ישיבות. אָט אויף אַזאַ שטייגער זענען יענע געווען דאָס, וואָס יששכר און זבולון אַ מאָל אין זייער צייט. זבולון האָט געהאַנדעלט און אונטערגעשטיצט יששכר'ן, וואָס האָט בעגעהרט לערנען תורה.

קהל האָט געהאַלטען בעלי־מלאכות אין דער מורא, אָבגעזונדערט פון בעלי־בתים אין פיעל זאַכען פונ'ם שטייגער לעבען. אַ בעל־מלאכה האָט נישט געטהאָרט שבת אָנטאָן אַ זיידענע קאַפּאָטע, טראָגען אויפ'ן קאָפּ אַ שטריימעל. אין בית־המדרש, אין קלויז, איז זיין אָרט געווען אויף דער לעצטער באַנק, הינטער דער בימה. צו דער תורה פלעגט מען איהם אויפרופען „החבר", נישט קיין „מורנו", אי דאָס זעהר זעלטען, צולעצט צווישען די געשטוקעוועטע עליות. דערפאַר האָט מען איהם אָבגעגעבען אינגאַנצען די ביידע „תוכחות" ווי גרויס זיי זענען. ביי איהם בלייב עס. אויף אסיפות מיט די פיינע־בריות וועגען שטאָדט־זאַכען איז זיין פוס נישט געווען. זיין

דעה האָט מען נישט געפרעגט. פאַר עזות וכדומה עפּיס אַ פערברעכען, האָט מען איהם אויסגעשייגעצט, אויך אויסגעפּאַטשט, און אַ מאָל טאַקי מקיים פּסק געווען אין קהל־שטיבעל. זיינע קינדער פלעגט מען „חאַפּען", „אָבעגעבען" אין דער דינסט, אַ כפּרה פאַר בית־המדרש׳ניקעס, טאַטענס־קינדער. זעהר גוט טאַקי שיקט זיך דאָ צו זאָגען „טאַטענס־קינדער", ווייל צו קינדער פון בעלי־הבתי־שען שטאַנד פלעגען אַ מאָל שטעהן צוגעשריבען כלומר׳שט ווי ברידער, כדי צו זיין פאַר זיי די כפּרה־הינדלעך, אָרעמינקע, ווילד־פרעמדע, ניט זייערע קרובים, ניט זייער טאַטענס קינדער. —

אַליין פאַר זיך זענען די יודישע בעלי־מלאכות אין יענער צייט געווען, ניט היינט געדאַכט, געפאַלען. דאָס אויסלערנען זיך עפּיס אַ מלאכה איז פון אָנהויב־אָן זעהר שלעכט געווען אָוועקגעשטעלט. און דערפון איז ארויס־געקומען זעהר פיעל נישט קיין גוטע זאַכען. אַ לערען־יונגעל ביי אַ ליאַדע בעל־מלאכה׳לע האָט בעדאַרפט יאָהרענלאַנג אָוועקטראָגען פאַמייניצעס, העלפען אין בעלי־בתי׳שקייט דער בעל־הבית׳טע און חאַפּען פּעטש און קלעפּ ווי האָלץ. אַז געלערענט די מלאכה האָט ער מכות, האָט ער זי מכות טאַקי געקענט. ער איז געווען דערנאָך אַ פאַרטאַטש, אַ פערביטערטער, אומגליקליכער מענש. פאַר צרות ליעב געהאַט דעם טרונק. די האַנד זיינע איז געווען פריי אויף אַ קלאַפּ, מכבד געווען אַמאָל אפילו דאָס אייגענע ווייב אויך. אַז אָך־און־וועה די לערעניונגלעך, נעבעך, וואָס זענען צו איהם, אין זיין צייט, אין די הענד אריין! און ווער, מעשטיינס־געזאָגט, זענען עס געווען די יונגלעך, וואָס זענען אריין צו אַזעלכען לערנען די מלאכה? יתומים, אָרעמינקע, פאַרוואָהרלאָזטע, ניט געלערענט אין קיין חדר, ניט געקענט קיין עברי — עם־הארצים; דאָך ווי שלעכט די לאַגע פון די בעלי־מלאכות איז געווען, האָט זיך צווישען זיי געפונען זעהר פיעל גוטע, פאַרשטענדיגע מענשען, אויך אַזעלכע מיט הארץ, געפיהל און לעבע־דיגע פרעהליכע קבצנים.

ווי אָרעם, פעראומערט דעם בעל־מלאכה׳ס דירה האָט אויסגעזעהן פון דרויסען, אַזוי לעבעדיג־פרעהליך איז דאָרט צייטענווייז געווען פון די פּועלים בשעת דער אַרבייט. עס שטעהט זיך, אַ שטייגער, איציק דאָס שניי־דעריל מיט אַ פּרעסיל אין דער האַנד איבער אַ שטיקעל ארבייט, הויבט־אָן אויף אַ קוויטש אַ מאַרש, צוקלאַפּענדיג צום טאַקט מיט׳ן פּרעסיל, און חברה פּועלים, בחורים, ארום טיש, ארבייטענדיג געשווינד מיט דער נאָדעל, העלפען אונטער, דער אויפ׳ן געליינקעל, יענער אויפ׳ן ביי־קולכעל, איטליכער מיט וואָס ער קען, און עס שפּילט זיך אָב אַ „מלך עליון" טשאַקענדיג, לעבעדיג, אַזש מלאכים מעגען זיך פרעהען. און טאַקי באַלד דערנאָך פערקרימט זיך איינער, נאָכמאַכענדיג אויף אַ אומעטיג קול דעם בדחן, ווי ער זאָגט גראַמען

צו אַ בעדעקענס. אַ טייל בחורים שפּילען־צו ווי די כּלי־זמר אַ שטיל טרויער־ריג ניגון׳דיל, די איבעריגע פאַרגעהן זיך ווי די ווייבער אין אַ געוויין. ס׳איז אַ יאָמער, אַ קלאָג — און פון דער קאַצען־מוזיק לאָזט זיך אויס אַ „כשר־טאַנץ״! חברה געהט, זיצענדיג ביי דער אַרבייט, מיט דער כּלה אַ כשר־טאַנץ. אָנשטאָט „שבת״ טהוט איינער דעם אַנדערען אַ קניפּ, אַרוק־אַראָב פון הינטען דאָס היטעל און מען שרייט־אויס זינגענדיג: וויוואַט! די בעל־הבית׳טע, די שניידערקע, שטעלט אַנידער אויף׳ן טיש אַ גרויסע פולע שיסל אָבגעקאָכטע קאַרטאָפעל, הייסע־זודיגע מיט דער שאָלעכטס, און מען מעג געהן אָנקוקען אויף בילעטען, מיט וואָס פאַר אַ גיכקייט די קאַרטאָפעל ווערען אָבגעשיילט, אין מויל אַריינגעהאַפּט און אַראָבגעשלונ־גען. מייסטערהאַפט! אַזעלכע בריה׳ס אויף קאַרטאָפעלעס־עסען, ווי שנייר־דער־יונגען וכדומה זענען, איז שוועראויף דער וועלט צו געפינען. זיי האָ־בען דרינען זיך אויסגעאַרבייט, בעקומען אַ ידיעה, ווייל דאָס, קאַרטאָפעל הייסט עס, איז זייער שפּייז, משטיינס־געזאָגט, טאָג־טעגליך.

דאָרט ביי די פועלים ווערען אָפט געזונגען לידלעך, אייגענע אַרבייט טאַקי, וואָס געהן דערנאָך אַרויס אויף דער וועלט, צווישען עולם, פאַלען אַריין אין מויל צו מיידלעך, דינסטמיידלעך און בעקומען דעם נאָמען „פאָלקס־לידלעך״. פועלים, וואָס פלעגען וואַנדערוועז, אַרבייטען ביי גוים אין די דערפער, האָבען אין זייערע לידלעך אַריינגעמישט גוי׳אישע ווערטער, אַזוי אַז ס׳איז אויסגעקומען האַלב יודיש, האַלב רייסיש. דער „תּוך״ פון די לידלעך איז געווען זעהר פערשיעדען. ס׳איז געווועזען אַזוינע איבער ליעבעס, אַ דינסטמיידעל, אַ שטייגער, פאַרביינקט זיך אין דער פרעמד נאָך איהר געליעבטען, דערמאָנט זיך ווייענדיג אָן די גוטע, זיסע מינוטען, ווי זיי פלעגען פאַרברייינגען צוזאַמען ווי אַ פּאָר טויבען אויף׳ן שפּאַציר, אַ מאָל אין געדיכטע וועלדער און אַ מאָל צווישען ווייץ און קאָרן, אָדער סתם אַ מיידעל גיסט אויס איהר האַרץ, ציהט זיך מיט דער נשמה צו עפּיס אַ חתן, ווי אַ קליין קינד מיט די הענטלעך צו דער שיינענדער לבנה. אויך לידעלעך פון אַ שנור איבער אַ בייזע שוויגער, פון אַ יתומה איבער אַ שטיפמוטער, לידלעך פון יודישע רעקרוטען, ווי זיי געזעגענען זיך מיט אַלע זייערע ליעבע פאַר׳ן אַוועקגאַנג אין דינסט אויף לאַנגע, לאַנגע יאָהרען. בעווייבטע געזעגענען זיך מיט ווייבער און קינדער, יונגלעך, קליינעטשקע, נעבעך, ביים „דיאַדקע״ אויף די הענד, אין ברייטע, לאַנגע פּעלצלעך, צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי זיי, געזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. אַזעלכע הייסען אין די לידלעך בידנע יתומים׳לעך, וואָס ווע־רען, ווי פון אַ בוים אָבגעריסענע בלעטלעך, פערוואָרפען העט־העט ווייט אין די קאַלטע ערטער, ערגיץ אין אַ העק, צווישען פרעמדע, גראָבע פּויערען,

צו פּאַסען דאָרט ביי זיי חזירים, און גאָט ווייסט וואו זייער געביין וועט אהינקומען. טאַטע־מאַמע וועלען אפילו נישט זיצען „שבעה". צווישען די לידלעך איז דאָ פּיעלע איבער נגידים, קהלס־לייט און כלי־קודש, אין וועלכע זיי רעכענען זיך אָב מיט די אַלע פּיינע בריות פאַר די צרות און לייד, וואָס זיי שטעהען פון די לייט אויס, און לאָזען אויס צו זייער קאָפּ אַל־דאָס בייז מיט שאַרפע ווערטלעך און שפּיציגע שטעכווערטלעך. יענע הייסען ביי זיי: יאָלדען, שמעלקעס, דאָס אויבערשטע פון שטויסעל, צימעס, לאָקש, קאַפּהאָהן־דאָס, שענע־ריינע־מורינו׳עס. מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז ביי די בעלי־מלאכות האָט געטליעט אַ פּאָעטישער פונק. זיך געלאָזט פיהלען אַ יונגע פרישע נשמה, און דערמיט טאַקי לאָזט זיך דערקלעהרען זייער אומגאַנג ווי חברים מיט קינדער, זייער ליעבשאַפט עד היום צו שרייבער, פּאָעטען.

קינדער זענען פון דער נאַטור אויך שטיקלעך בעלי־מלאכות, זיי האָבען ליעב צו מייסטערען, שניצען, בויען, מאָלען וכדומה. דאָס יודישע חדר־יונגעל, אַ שטייגער, נעהמט זיך מיט חשק שניצען פאָרמעס און גיסען דרעהדלעך אויף חנוכה, מאַכען המן־קלעפּלעך אויף פּורים, מאָלען רייזלעך און קלעפּען אויף די פענסטער שבועות. נאָר אַנשטאָט אונטערצוהאַלטען דעם חשק ביי קינדער צו מייסטערען, דערשטיקט מען איהם נאָך באַלד אין אָנהויב מיט שטרענגע מיטעל — לאָזען זיי בעסער לערנען, זאָגט מען, נישט פארנעהמען זיך מיט נאַרישקייטען. טרעפט זיך אָבער אַ מאָל, אַז קינדער קומען צו בעלי־מלאכות, זענען זיי זיך פּשוט מחיה פאַר גרויס פאַרגעניגען צו זיצען און צוקוקען זיך, צוהערען זיך, ווי יענע אַרבייטען, ווי יענע ריידען, זינגען, זאָגען גלייכווערטלעך. נאָך דעם אומער, פינסטערע צורות, בייזע פּנים׳ער און פאַרקלאָגטע נשמות, וואָס זיי זעהען פאַר זיך שטענדיג אין חדר, אין בית־מדרש און אין דער היים, איז אַ פרייע מינע, אַ פרעהליך פּנים, אַ גוט וואָרט, פאַר זיי גאָר אַ דערקוויקעניש, די אויגלעך קוקען, די אויערלעך האָרכען און דאָס הערצעלע קוועלט, איז זיך מחיה!

יונגלעך זענען בעלי־מלאכות, בעלי־מלאכות זענען יונגלעך. אי די אי יענע האַלט מען אין דער מורא, זיי זאָלען האָבען תרבות. די — תרבות פאַר טאַטעס און יענע — תרבות פאַר בעלי־הבתים!

אַז אייזיק דער שמיעד און הערציל קיילעס דער סטאָליאַר זענען אויסגענומען געווען פונ׳ם כלל דערנידעריגטע בעלי־מלאכות אין שטעדטיל, האָבען זיי דערמיט געהאַט צו פערדאַנקען זכות אָבות. זיי האָבען געשטאַמט פון אַ שענער משפּחה, זיך גערעכענט פאַר קרובים מיט די פיינסטע לייט אין שטעדטיל. די טאַטעס זייערע, אַנגעזעהענע, יוסטע בעלי־הבתים, האָבען איבערגעלאָזט זיי בירושה הייזער אויפ׳ן מאַרק, דער שענסטער

פּלאַץ אין שטעדטיל, און שענע שטעט אין מזרח־וואַנד, אין שוהל דאָרט. ביידע זענען געווען שכנים מיט רבי חיים׳ן. אייזיק׳ס הויז איז געשטאַנען אין דער רעכטער זייט פון זיינער, און הערצעל קיילעס הויז — אין דער לינקער זייט. די דריי שכנים האָבען געלעבט גוט צווישען זיך, פלעגען איי־נער צום אַנדערען קומען אויף שמחות און גוט־יום־טוב בימען. אייזיק׳ס זוהן, מאיר־איצע, אַ וואויל יונגעל, מיט אַ קעפּעל צו מייסטערווען שפּיל־צייג, אויפטאָן הסברות און גראַגערס, המן־קלעפּלעך, האָט געלערענט מיט שלמה׳לען אין איין חדר. און הערציל־קיילעס זוהן, בן־ציון, איהם האָט רב חיים גענומען אומזיסט פאַר אַ חבר צו זיין עלטערען זוהן, מיט וועלכען ער פלעגט לערנען אַ שעה אָדער צוויי שעה, ווען נאָר ער האָט צייט געהאַט. פון אַ זיידענע קאַפּאָטע און אַ שטריימעל שבת און יום־טוב, רעדט מען שוין נישט, אַז זיי האָבען געטראָגען. די שאלה איז נאָר, ווי קומט עס, אַז טאַמענס קינדער אַזוינע זאָלען זיין בעלי־מלאכות? לייט זאָגען: „אַ קליפּה איז אין זיי אריין, אין דער יוגענד, זיי אָבגעריסען פון לערנען און פאַרדרעהט דעם קאָפּ מיט נארישקייטען, מיט יונגעלשע זאַכען. יונגלעך זענען זיי געווען און יונגלעך זענען זיי געבליבען. עס האָט אין זיי גע־בורטשעט די קליפּה, געבורטשעט, געבורטשעט, און וואָס איז פון זיי גע־וואָרען צום סוף? גאָרנישט, בעלי־מלאכות! נאָר... פאָרט טאַטענס קינ־דער".

אָט צו אַזעלכע אַלטע־יונגלעך האָט שלמה׳לען דער יצר־הרע געטראָגען. דאָס איז געווען דעם יצר־הרע׳ס לעצטער שטויס שלמה׳לען, ביים ארויס־שטופּען איהם פון „יענעם עולם". אַצונד וועט ער שוין, ווי אַ קוואָצקע, שטענדיג איבער „ביצה" נישט זיצען!

---

## 13

אכּת טאַקי, ווי אַלטע יונגלעך זענען ביידע, אי אייזיק דער שמיד אי הערציל קיילעס דער סטאָליאר, פאַר שלמה׳לען געווען ווי געוואונשען; נאָר, וואָס אָנבעלאַנגט אייזיק דעם שמיד, האָט שלמה׳לעס האַרץ געצויגען ניט אַזוי צו אייזיקס פּערזאָן ווי צו זיין קוזנע. די קוזנע האָט עפּיס גע־רעדט איהם צום האַרצען, געוועקט אין איהם זיסע־אָנגענעמענע געפיהלען אַ סך מעהר ווי אייזיקס חקירות. אַקעגען־זשע הערציל קיילעס, איז ער אליין טאַקי, ער מיט זיין פּערזאָן, ווי ער שטעהט און געהט, מיט זיינע תנועות, און אַלע זיינע קאַפּריזען, אַלץ מיט־אַנאַנד, ווי ביי קיינעם ניט אין שטעדטיל, האָט שלמה׳לעס האַרץ צו זיך געצויגען. הערציל קיילעס

אליין איז געווען, ווי זאָל מען עס זאָגען, עפּיס אַ מין קוזנע — עס האָט אין איהם געגליהעט, געברענט אַ פייער.

די לייִדיגע צייט זיינע פונ׳ם לערנען טיילט שלמה׳לע, לויט דער ווע־טערונג און די פערשיעדענע צייטען פונ׳ם יאָהר, צווישען אייזיק דעם שמידס קוזנע און הערציל קיילעס. אַסיענצייט, אַ שטייגער, אין די בלאָטעס, אָדער בשעת אַזוי אַ מיאוסע פּאָגאָדע, אַז ס׳איז נאַס און קאַלט, בלאָזט פון אַלע זייטען, דער הימעל איז אָנגעדרודעלט, שלעפּט אויף זיך ארויף, מעשה־קבצן, אַ שטאַרק אָבגעבליאַקעוועטען מאַנטעל פון אַ מיתה־משונה־קאַליר, מיט פלעקען, מיט לאַטעס אויף לאַטעס פון גרויע, שוואַרצע, מונ־קעלע וואָלקענס און וואַרפט אָן אויף איטליכען אַ מרה־שחורה מיט זיין פינסטערען פּנים — דענסטמאָל טרייבט עס שלמה׳לען אין קוזנע אריין, ער פערקלייבט זיך דאָרט צווישען אָנגעוואָרפענע געצייג אין אַ ווינקעלע, בלייבט זיצען פערשטאַרט שטיל, פערטראַכט און קוקט. עס הידעט דער בלאָז־זאַק, עס פלאַמען די קויהלען, אייזענס גליהען, פונקען פליהען — שלמה׳לע איז פערגאַפט, פערצויבערט, עס טראָגט איהם דער קאָפּ, פער־פליהט עס עט־עט אין די ווייטע עולמות אריין, עס טרעטען פאַר איהם ארויס געטליכע בילדער, שענע געשטאַלטען פון וואונדערליכע מעשיות, אַלטע אגדתות — אַלסדינג וואָס דאָס הארץ גלוסט. פון די פלאַמענדע קויהלען אינ׳ם אויווען, קוקען צו איהם ארויס שוואַרצברענענדיגע אויגען. דער אויפגעבלאָזענער זייל פייער דאָרט ווערט ביז אין הימעל אריין אַ הויכער לייטער, די פונקען — פליהענדיגע מלאכים ארויף און אראָב אויף איהם. קלאַפּ־קלאַפּ, אויף דעם גליהענדיגען אייזען קלאַפּען די האַמערס — און עס דאַכט זיך, דאָרט, דאָרט ברעכען זיך פון פערצויבערטע פּאַלאַצען די שלעסער און עס געהען ארויס פונ׳ם לאַנגען שלאָף אויפגעשטאַנענע בת־מלכות, שענע, שיינענדיגע, און פון צווישען זיי לויכט ארויס ווי דער מאָרגענשטערען פּראַדיל, זיין פּראַדיל! דער בלאָז־זאַק הידעט־הידעט — און שלמה׳לע ווערט אָנגעצונדען, רויט ווי פייער... אָט אין אַזאַ מרה־שחורה׳דיגע פּאָגאָדע פלעגט שלמה׳לע, ער אליין מיט לייב און ביינער, זיצען אין קוזנע, פערשלאָגען אין אַ ווינקעל, נאָר די נשמה זיינע, זי פלעגט זיך אויפהויבען און פערפליהען אין אַנדערע וועלטען, וואו ס׳איז איהר ליכטיג, וואַרם, שען, וואו עס שפּראָצט, עס בליהט און עס לאָזען זיך זעהען זעהר גוטע וואונדער־שענע זאַכען. שלמה׳לע, הייסט עס איז אַ בורא, ער בעשאַפט און לעבט אין זיינע, מיט דעם כח־הדמיון בעשאַפענע וועלטען — און די נשמה זיינע האָט הנאה.

איז אָבער גאָטס וועלט, דאָ ביי אונז, מילד, שען, דער הימעל לויטער, די זון שיינט — ציהעט עס, ציהעט שלמה׳לען אָבצוגעבען זיך איהר, אָט

אזוי ווי זי איז אינגאַנצען מיט לייב און לעבען און אַלע חושים טאַקי. און דענסמאָל טרייבט עס איהם צו הערציל קיילעס, וואָס איז מיט זיינע גענג און זיין שטייגער לעבען איהם צום הארצען, מעהר פון אַלע יודען אין שטעדטיל, וואָס זיין הויז און דאָס גאַנצע בעל־הבתי׳שקייט זיינס שמעקט עפּיס מיט דאָרף, מיט אַ פרישען ריח פון פעלד. דען וואו איז עס דערהערט געוואָרען, אַז אַ יוד, אַ שטאָדט־בעל־הבית, זאָל זיך אָבגעבען מיט עופות, מיט בהמות, האָבען ביי זיך אָקסען, פערד, אַ גוי, להבדיל — טראָחים, צו בעארבייטען די פעלדער, און אַ הונד אַ צוגאָב דערצו אויך? אַ יוד, וואָס זיינע מבינות שטעקט אין אַ אתרוג, אין הושענות, זאָל זיך נאַריש מאַכען, שטעקען ציעפּקעס אין עפּעל און בארענבוימער ביי זיך אין גאַרטען! אַ יוד, אַ שטאָדט־בעל־הבית, וואָס בעדאַרף מעהר נישט וויסען דעם מאַרק, דעם בית־מדרש און שבת בייטאָג נאָכ׳ן טשאָלענט שלאָפען, זאָל מעשה־קונדס, ער מיט זיין בחור׳ל, גאָר געהן אָפּט שפּאַצירען!

שלמה׳לע ווערט ביי הערציל קיילעס אין הויז אַ הײמישער, מיט זיין זוהן, בן־ציון, רבי חיים׳ס אַמאָלדיגער תלמיד, ווערט ער אַ נאָהנטער חבר, ביידע האָבען זיך ליעב דאָס לעבען.

בן־ציון האָט אין זיך געהאַט דאָס, וואָס אַ שטאָדט־יונגעל און אַ דאָרפס־יונגעל אינאיינעם. ער האָט געקענט אריינקוקען אין די קליינע אותיות׳לעך, אָבלערנען אַ בלעטעל גמרא און קיין חשק ניט געהאַט צום לערנען, אָבגעבען זיך מיט דעם בעל־הבתי־שקייט, אין הויז, אין פעלד מיט גרויס ליעבשאַפט. בטבע איז ער געווען אַ גוטער, אַ שטילער, האָט מעהר געטהאָן ווי גערעדט. שלמה׳לע פלעגט איהם פארשטעהן אויפ׳ן וואונק. עס זיצט זיך, אַ שטייגער, בן־ציון, אין אַ זומער־טאָג, ביי זיך אויפ׳ן גאַניקעל. די זון באַקט, אַ שרעק. דער הונט ליגט איהם צו די פיס, אויסגע־צויגען אויפ׳ן בויך, מאַכענדיג מיט די זייטען פאַר היץ. צייטענווייז טהוט ער אַ הויב דעם קאָפּ, אַ עפען דאָס מויל — אַ לאַפּ־חאַפּ אַ פליג! איהם ביי דער זייט זיצט די קוואָצקע מיט צושפּרייטע פליגעל, פון אונטער וועל־כע עס לאָזט זיך הערען אַ פּיסק פון קליינע הינדלעך. דאָס רוהעט מען דאָ פונ׳ם אָנלויפען זיך אין דרויסען ביז אַצינד. דער מאַרק איז אָבגערוימט, מען זעהט קיין לעבעדיגע בעשעפעניש דאָרט נישט — בהמות זענען אין פעלד, קינדער, להבדיל, זענען אין חדר, און גרויסע געניצען אין שטוב, אין קלייט, לעכצענדיג נאָך אַ קאַלטען טרונק וואסער. אויף דער גלייכער וואַנד ערגיץ דראַפּעט זיך אַ קאַץ, בלייבט אינדערמיט שטעהן, אויסדרע־הענדיג דעם קאָפּ, קוקט, טראַכט, איז זיך מישב, וואָס זאָל זי טאָן, צי ארויף ווייטער, צי אראָב? שלמה׳לע רוקט זיך דענסטמאָל ווי אַ קעצעלע ארויס פון שטוב, נאָכדעם ווי ער האָט ווי ס׳איז אָבגע־פּטר׳ט, צוגעגרייט דאָס

שטיקעל לייענען פאר׳ן פאטער. עפּיס ביינקט זיך איהם, ציהט עס איהם, די אויגעלעך קוקען, קוקען אהין, וואו דער הימעל לאזט זיך אראב, וואו עס ציהט זיך א טונקעל־גרינע ליניע פון שפּיצען הויכגעוואקסענע בוימער. ער טהוט א בליק — אָ, עס זיצט בן־ציון! מיט איין שפּרונג איז ער נעבען איהם.ביידע שווייגען און איינער דעם אנדערען פארשטעהט, וואס ער וויל. בן־ציון טהוט א וואונק, א סמארע מיט דער נאז, הייבט זיך אויף און לאזט זיך געהן, און שלמה׳לע מיט א שיינענדיג פּנים׳ל נאך איהם. דאס לאזט מען זיך ארויס פונ׳ם שטעדטיל ווייט אויפ׳ן שפּאציר.

אויפ׳ן וועג, הינטער׳ן שטעדטיל, געהט בן־ציון אריין צו זיך אין שייער, געוואהר ווערען צום אנגעלעגטען פרישען היי דארט. ס׳איז פריש, קיהל מחיה, דער ריח פון היי צוגעהט אין אלע גלידער. די ביידע חברים טהוען זיך דערויף א ווארף און גלייכען אוים דיביינער, ליגען און קוקען ווי די שוועלבעלעך פליהען ארויס־אריין, ארומדרעהענדיג זיך מיט א שווישטשער ארום די נעסטען זייערע דארט אונטער דעם שטרויענעם דאך. זיי אקעגען שטרעקען זיך ארויס אפענע געלע פּיסקלעך פון יונגעטשקע נאקעטע פויגעלעך, וואס ווילען עסען.

פונ׳ם שייער געהט מען און מען קומט צו א גלייכען פרייען פּלאץ, וואו עס ציהען זיך אוועק ווייט אין דער לענג, אין דער ברייט פעלדער מיט אלערליי תבואות. עס זעהט זיך דארט פונדערווייטענס א געמעהל, ווייס־רויטליך בליהענדע רעטשקע, איינגעפאסט אין א ראם פון גאלד־געלע ווייץ ארום און ארום. בלויע בלימעלעך צווישען קארן פארנעהמען די אויגען, און פליהענדיגע, שפּרינגענדיגע גאטס בעשעפעניש דארט זזשען אן פולע אויערען. בן־ציון בעטראכט דארט זייערס א פעלד מיט האבער און איז העכסט צופרידען. לאזט זיך פון דארט געהן ערגיץ אין דער זייט, שלמה׳לע נאך איהם. ביידע רויט ווי א צוויק, ביידע פארגניגט, ניט צו רעדע קיין ווארט און קומען צו א לאנקע. דארט פּיטערען זיך פערד, גע־פענטעט אויף די פעדערסטע פיס. דערביי ברענט א פייעריל אונטער א אלטע ווערבע, וואו טראחים באקט קארטאפעל און מאכט אן אונטערוואר־פענדיג דארע צווייגלעך, א רויך, צו פערטרייבען די קאמארעס. איין פערד, וואס נאהענט, דערזעהענדיג דעם בעל־הבית, הייבט אויף דעם קאפּ הויך, שפּרינגט אמאל דריי מיט די פעדערסטע געפענטעטע פיס און טהוט א הירזשע — ברוך הבא! הייסט עס. בן־ציון געזעגענט זיך מיט איהם, א קלאפּ געבענדיג עם הינטען אויף דעם רוקען, זאגט אן עפּיס טראחימען און געהט ווייטער, שלמה׳לע מיט איהם, און פארגעהען טיפליך אין א וואלד.

נאך פון דער ערשטער בעקאנטשאפט מיט׳ן וואלד האט שלמה׳לע

בעקומען פאר איהם דרך־ארץ. אי ליעב געהאט איהם, אי מורא געהאט האט ער פאר איהם. אין דער יוגענד נאך האט ער זיך אָנגעהערט שרעק־ליכע מעשיות: אין וואלד זענען דאָ גזלנים, אין וואלד זענען דאָ חיות רעות — וועלף, בערען, שדים, נישט־גוטע זענען אויך אין וואלד דאָ. מיידלעך זענען א מאָל אין וואלד געגאנגען מיט פולע שיסעלעך אָנגעקליבענע יאגע־דעס, איז צוגעקומען א בער, זיך געגומען פרעסען די יאגעדעס, און די מיידלעך זענען קוים מיט׳ן לעבען אנטלאָפען. היינט איז גלאט א סכנה פאר יודישע קינדער דאָרט פון שקצים׳לעך מיט הינט.

דאָס ערשטע מאָל ארייננקומענדיג מיט זיינע חברים אין וואלד האט איהם געטיאָכקעט דאָס הארץ, זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און ביי א מינדסטען שאָרך פערביסען די ליפען און געמאכט — שאַ!

שפעטער, שפעטער, אויף זיינע שפאציר־גאנגען מיט הערציל קיילעס, מיט בן־ציון׳ען און דעם הונט, להבדיל, איז ער צום וואלד געוועהנט גע־וואָרען. אז מען פלעגט זיך בעגעגענען דאָרט מיט שקצים, פלעגען איינע די אנדערע זאָגען: „דאָברי דען!" און פוןביידע צדדים די הינט פלעגען איינע די אנדערע זיך בעשמעקען, בעלעקען. פאר שדים איז אויך נישט געווען וואָס צו שרעקען זיך. הערציל קיילעס האט געהאט צו זיי א שפרוך. — „זיי" האָבען א מאָל פארדרעהט א רעדיל דאָ אין וואלד — אזוי פלעגט הערציל דערצעהלען — געוואָלט צונעהמען, צוטראָגען מיט דעם דריידעל־ווינט א סטערטע היי, האט ער אינדערמיט רעדיל ארייננעוואָרפען א מע־סער, געזאָגט א שפרוך פון אזא כתב־יד, וואָס געהט איבער אין זיין משפחה פון עלטערען צו קינדער בשתיקה, און זיי צוטריבען אויף אייביג, לעולם ועד.

מורא, הייסט עס, איז שוין נישט געווען וואָס צו האָבען, דאָך דער דרך־ארץ פאר׳ן וואלד איז ביי שלמה׳לען אויף תמיד געבליבען. איהם האט זיך דער וואלד פאָרגעשטעלט אין קאָפּ גאָר עפּיס א לעבעדיג בעשעפעניש. עפּיס א מין פאָלק אזוינס. עפּיס שטעהען זיך אויף א גרויס שטיק לאנד בוימער — אלטע זקנים, זיידעס, עלטער־זיידעס, און יונגע, קליינוואַרג. איטליכער, דאכט זיך, שטעהט פאר זיך בעזונדער, נאָר אין „גרונט" גע־נומען זענען זיי דאָרט טיעף פאַרפּוטעט, פאראייניגט מיט די וואָרצלען און ציהען די „יניקה", ווי אזעלכע פון איין שורש. זאָל וועהען פון ערגיץ עפּיס א ווינטעלע, שושקען זיי זיך איבער, סוד׳ן זיך, אָנבויגענדיג די קעפּ איינער צום אנדערען. קיינער שווייגט נישט שטיל, עס „ריהרט" אָן איט־ליכען און איטליכער לאָזט זיך הערען מיט זיינס, באַסעוועט צו, טהוט א שאָקעל מיט׳ן קאָפּ. א מינדסטער קלאַפּ ביי איהם דאָ, רופט זיך עס אָב ביי איהם העט וויט דאָרט. און זאָל א בלאָז טאָן אויף איהם, ווי עס מאכט

זיך אַ מאָל, אַ פּוילער, אַ בייזער ווינט פון צפון־זייט, חאַפּט ער זיך אויף מיט אַ כעס, אַ צאָרן, עס רעש׳ט זיך, עס פּילדערט פון גרויס ביז קליין. עס רוישט און שטורמט ווי חוואַליעס אין ים. פערשטומט ווערט וואו אַ לעבעדיג בעשעפעניש אין איהם, בעהאַלט זיך איז אַ לאַך פאַר שרעק.

שלמה׳לע קען דעם וואַלד, ווייסט זיין נאַטור, האָט אליין שוין געזעהן איהם צושפּילענדיג זיך אין אַ שטורם מיט אַ ווילדער קראַפט, און דעריבער בעקומט ער תמיד ביים אריינגאַנג עפּיס אַ אָבשיי פאַר איהם, אפילו ווען ער שטעהט זיך שטיל רוהיג, ווען ער לאַדעט איין צו זיך, ווי אַ גוטער מכניס אורח, צוקומען אויסרוהען זיך אין זיין שאָטען, איז מכבד מיט רויטע און מיט שוואַרצע יאַגדעס און לאָזט שפּילען אַ קאַפּעליע פון זיסע נגונים. מיד פון דעם שפּאַציר אויף די פרייע, פרעהליכע פעלדער, זיצט ער אַצונד מיט בן־ציון׳ען אָנגעלעהנט אונטער אַ צווייגהאַפטיגען בוים, הערט זיך־צו, קוקט זיך־צו צו אַלסדינג ארום און ארום מיט דרך־ארץ און האָט אין הארצען שטאַרק הנאה.

פונ׳ם וואַלד ארויסגעהענדיג לאָזט מען זיך צוריק אין שטעדטיל, מען חאַפּט זיך אריין. שוין אַ ביסעל שפּעטליך, אין בית־המדרש, שאַ־קיטש, גלייך ווי גאָרנישט געשעהן, און מען פערבייסט מיט אַ מנחה.

אָנזעהענדיג זיך וואָס עס טהוט זיך אין דעם בעל־הבתישקייט ביי הערציל־קיילעס, נעהמט שלמה׳לע און ווערט אַ בעל־הבית אויך ביי זיך. זוכט אויס אַרבייט אין גאָרטען, וואָס אונטער׳ן שטוב, קריכט צווישען די בייטען רייסען ציבעלעס, רעטיך, אוגערקעס, רייסט אויס דאָרט די קראָ־פּעווע, און קוקט זיך־צו דערנאָך אַ מאָל צעהן אין טאָג צו דעם גרינוואַרג, זעהן, צי ס׳איז שוין אויסגעוואַקסען! !... פאַרנעהמט זיך מיט טויבען, פאַר וועלכע ער מאַכט פון שטרוי נעסטען אויף דעם בוידעם, אין אַ קאָרב, אונטער׳ן בעט, קריכט אַהין עפּטערס, ציקאַווע צו זעהן, ווי עס פּיקען זיך אויס היהנדעלעך.

גראָד מאַכט זיך אַז אין שטוב דרעהט זיך ארום אַ אינדעטשקע, זעהר אַ שענע, בעליעבט ביים גאַנצען הויזגעזינד, און מען בעט זי אויס ביי דער מאַמע, ניט צו שעכטען עס. ס׳איז דאָ אָהן איהר אויך אַ פּאָר־פּאָלק — אַ אינדיק מיט׳ן ווייב, אויף פסח. לאָז זי לעבען און בלייבען אויף פּליד. די אינדעטשקע זעצט זיך למזל אויף אייער, פיהרט אויס אַ זעציל קינדער־לעך, און שלמה נעהמט אויף זיך, אין אַ גוטער שעה, די גאַנצע מיה מיט דעם קליינוואַרג.

און דעם אמת מוז מען זאָגען, ער האָט געטאָן זיין זאַך געטריי, זיי געשיינקט געגוג צייט און זיך אָבגעגעבען מיט זיי אַ סך מעהר נאָך וויפיעל

טאַטע־מאַמע האָבען געוואָלט, אַזוי אַז ס'פלעגען אַ מאָל צווישען זיי פאָר־קומען צוליעב דעם אַ ווערטלען־זיך אונטער פיער אויגען.

— דו! — מאַכט רבי חיים צום ווייב, וועלכע ער האָט, אויף דעם יודישען שטייגער, קיינמאָל נישט גערופען ביים נאָמען, נאָר סתם: דו — די אינדעטשקע איז דיין מלאכה. עס האָט זיך איהר פערגלוסט האָבען אינדעקלעך! דערוויל לערענט נישט דאָס בחור'ל. האָט אין זינען שטענדיג אינדיצקע, אינדיקלעך. נ־נ־נו!

— אָט האָסטו דיר שענם! — פאַרענטפערט זיך שרה מיט פער־דראָס — מיר האָט זיך פערגלוסט אינדיקלעך! אַלע אין שטוב האָבען גע'חלש'ט: לאָז איבער די אינדעטשקע! און אַז ס'מאַכט זיך עפּיס־וואָס, געהט צו מיר אויס דער צאָרן. ווי אַ יודישע טאָכטער איך בין, מאָרגען שיק איך, בלא־נדר, נאָך דעם שוחט, אויב דו ווילסט, און לאָז ער קוילען פון מייגט־וועגען די אינדעטשקע מיט די אינדיקלעך אינאיינעם.

— אָהן כעס! — זאָגט רבי חיים שוין ווייכער, כמעט מיט אַ געבעט — מיט דיר טהאָר מען נישט רעדען קיין וואָרט. באַלד ווערט זי אין כעס. צו־וואָס קוילען בעשעפעניש, נעבעך? אַז זיי לעבען, זאָלען זיי זיך לעבען. געלעבט אַזאַ צייט און פּלוצלינג... אַ רחמנות, נעבעך, אַ צער־בעלי־חיים!

— וואָס־זשע ווילסטו פון מיר האָבען? — מאַכט שרה נאָך אַלץ מיט אַ ברוגז־פּנים — אַז דו ביסט אַ בעל־רחמים, וואָס־זשע זאָגסטו מיר, וואָס?...

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי — פאַרענטפערט זיך רבי חיים מיט אַ גוט שמייכעלע — איך זאָג עס מיר סתם אַזוי: אַז דער קאָפּ ליגט איהם צופיעל אין די אינדיקלעך. אַלץ אין דרויסען, אין דרויסען.

— איך ווייס, אסור, ניט, וואָס דו ווילסט — מאַכט שרה כלומר'שט און טרעהרען שטעלען זיך איהר אין די אויגען — אַ קינד זאָל דעם גאַנצען טאָג, וויל ער, זיין פערשפּאַרט, איך האָב ניט קיין האַרץ פאַרוועהרען איהם אָנקוקען די ליכטיגע שיין. אדרבה, טאַטע, זייַ דו מיט איהם און לעהרען פון פריה ביז נאַכט, פאַר וואָס, טאַטע, קוקסט־דו איהם נישט אָן דעם גאַנצען טאָג?

— נו־נו־נו, גענוג! — טומשעט רב חיים דאָס ווייב מיט'ן פינגער, שמייכלענדיג צו איהר אַזוי פריינדליך ביז זי טהוט אויך אַ שמייכעל — און שלום, אַלסדינג ווידער וואָס פריהער.

שלמה'לען ווילט־זיך נאָכמאַכען הערציל־קיילעס אין שענע האַנד־ארבייט אויך. ער פערקוקט זיך מיט גרויס פערוואונדערונג אויף הערצילס „רבי יוסי מיט'ן בת־קול ווי אַ טויב", וויל אויך עפּיס מאַכען און עס געהט ניט. נישטאָ קיין געצייג — פאַרענטפערט ער זיך פאַר אַנדערע און

פאר זיך אליין. צום שניצען ברויכט מען א שארף מעסעריל. דאס מע־סעריל, אויף וועלכען ער האט געשטעלט א פלעט פאר א גאנצען האלבען גראשען און עס געוואונען, האט נישט געטויגט. די קליינגלעך זענען געווען פון בלעך, און צו מאלען, האט ער געזאגט, בעדארף מען פארב, בלויע, רויטע פארב. דעריבער איז ער טאקי ניט שולדיג. נאך גוט, כ׳לעבען, וואס עס געהט איהם די האנד, אויסצוקנייטשען פון פאפיר לאמטערנעס, אויסצושניצען פון א שפענדיל א אויערלעפעלע און מאכען א „בעזרת השם" מיט א צוק, א דרעה אזוי, אז ס׳קומט ארויס מיט א פויגעל!

---

## 14.

דער וועג פון שלמה׳לעס לעבען ביז אהער, ווען אפילו ער איז ניט אויסגעשאטען געווען מיט בלומען, דאך שלעכט האט מען איהם נישט גע־קענט אנרופען. לכל־הפחות האט זיך דער וועג געצויגען גלייך ווי א סטרונ־קע, גלאט אהן גריבלעך. שפעטער אבער הויבט דער לעבענס וועג זיינער אן זיך צוקרימען, ווערט גריבערדיג. ווייטער אביסעל איז ער שוין בע־וואקסען מיט דערנער, נאך ווייטער ציהט ער זיך שוין ארויף און אראב איבער בערג, איבער טאלען און טיפע אבגרונטען. דער גאנג אויף איהם ווערט שווער, וואס ווייטער ווייטער, אלץ ערגער ערגער, חאטש נעהם און פאל אנידער, חאטש טהו זיך, שונאי־ציון, א מעשה אן —

די ערשטע שטיינער איהם אויפ׳ן וועג — זענען צרות הכלל, צרות, פורעניות, וואס זענען כסדר איינע נאך די אנדערע אויף דעם שטעדטיל ק. אנגעשיקט געווארען.

איינע פון די הויפט־פרנסות, וואס דערמיט האט דאס שטעדטיל ק... אויסגעצייכענט זיך פון אלע אנדערע שטעדטלעך אין ליטא, איז געווען „אסטראחאנקא" און בעזונדערענס דער „שלייער־ארטיקעל".

אסטראחאנקע — דאס אז געווען אזא סארט ליינוואנד, געפארבט טונקעל גרין, און צונויפגעלעגט אין שטיקלעך פון א געוויסער צאהל ארשין, וואס פלעגט דינען מיינסטענס אויף אונטערשלאק און אויך אויף קאפטענס פאר ארמעלייט. פאר וואס די ליינוואנד האט געטראגען אויף זיך דעם נאמען אסטראחאנקע, דאס איז אין דער געשיכטע פונ׳ם שטעדטיל עד היום נאך ניט דערקלערט געווארען.

שלייער האט געהייסען זעהר א דין, געבלייכט שטיקעל ליינוואנד, לאנג און שמאל ווי א האנדטוך. אויך די שטעדטעלדיגע וועבערס מלאכה.

מיט דעם מין האנדטוך פלעגען ווייבער ארומוויקלען דעם קאָפּ איבער דער קאָפּקע, אויסרנייטשענדיג עס אזוי, אז הינטען אויף דער פּאָטיליצע לאָז אראָבהענגען צוויי עקען, אין דער גרויס און דעם געשטאַלט פון מלינ־צעס און זיי ביי די זייטען צוויי קלענערע, מיט דעם נאָמען „פּאָכעס". דעם פארשלייערטען קאָפּ האָט ווי א רייף ארומגענומען א צונויפגעלעגטע פּאטשיילע, פאררדרעהט מיט א קנופּ אויפ׳ן שטערען, און די עקען פּאטשיילע פארשטעקט, אָדער צוגעשפּילעט, איין עק פון דער זייט קאָפּ, יענער פון דער אנדערער זייט. ביי אַלטע כשר׳ע ווייבער איז דער קנופּ אויסגעקומען סאַמע פאָרענט, ווי א „של ראש" אויפ׳ן שטערען. ביי יונגע ווייבלעך, מאָדניצעס, איז דער קנופּ פּעררוקט געווען אביסעל אין דער זייט, שבת און יום־טוב האָבען ווייבער פון בעל־הבתישען שטאנד געטראָגען אויפ׳ן קאָפּ זיידענע, קאשעמירענע אָדער טערקישע פּאטשיילעס, אין דער־וואָכען וואָלענע מיט גרויסע קווייטען — עפּעל־פּאטשיילעס. די דאָזיגע ביידע מיני פּאטשיי־לעס האָבען מחותנים פון חתן׳ס צד בעדאַרפט שיקען פאַר דער חתונה א מתנה דער כלה און מחותנים פון כלה׳ס צד האָבען געשיקט דעם חתן א שטריימעל.

אָט אזוי האָבען אונזערע באָבעס א פּנים געהאַט אין שלייער!

דער שלייער האָט בעדאַרפט זיין ווייס ווי שניי, אָנגעקראָכמאַלעט, אָנגעבלאָווט און אויסגעקויקעלט. די דאָזיגע מלאכה פון קויקלען־גלעטען א שלייער, איז געטאָן געוואָרען פון צוויי ווייבער, בעלי־הבית׳טעס, בשותפות, אזוי: איינע האַלט מיט ביידע הענד ביי די שפּיץ־עקען שלייער פון איין זייט, די צווייטע טהוט דאָס אייגענע יענער אקעגען פון דער אנדערער זייט. אויף אזא אופן בלייבט דער שלייער צווישען די ווייבער אויסגעצויגען ווי א לאַנגע שמאָלע רינווע, אין וועלכער עס געפינט זיך א גרויסע, קיילעכדיגע, גלאַטע קויל פון גלאָז אָדער פון אייזען. גיט א הויב א יודענע די הענד אביסעל העכער, לויפט די קויל אין דעם שלייער פון איהר זייט צו יענער וואָס אקעגען. טהוט באַלד אויך אזא הויב מיט די הענטלעך יענע, קייקעלט זיך די קויל אין שלייער צוריק צו דער ערשטער. אָט אזוי לויפט די קויל הין־און־צוריק ביז דער שלייער ווערט גלאַט ווי א טאָק.

אָנצוקוקען בשעת מעשה די ביידע ווייבער, ווי אזוי ערענסט זיי שטעהען זיך וויטליך איינע אקעגען דער אנדערער, ווי אזוי זיי הויבען די הענטלעך מיט א טרעסעל די אקסעלעך, אויספּוצענדיג די בייכעלעך, פּאַרלעגענדיג אין דער זייט די קעפּעלעך; ווי אזוי זיי קרימען זיך, פאררדרעהענדיג די נעזעלעך, וואַרפענדיג מיט די אויגעלעך און שיקען איבער פונדערווייטענס איינע דער אנדערער זיסע־גיפטיגע שמייכעלעך, גוטע ריידעלעך מיט שטע־

בענדיגע שפּילקעלעך — אָט דאָס אָנצוקוקען האָט מען, דאַכט זיך, שוין ניט בעדאַרפט מעהר קיין שענערעס דערפון אין דער וועלט. אַ כּפּרה טעאַטער, אונזערע היינטיגע טעאַטערס!

אָט די דאָזיגע שלייער פלעגען, ווי די „אַסטראַחאַנקע“, אויסאַרבייטען גוי׳אישע וועבער אין דעם שטעדטיל, איטליכער אויף זיין וואַרשטאַט ביי זיך אין דער היים, און יודען זענען געווען די אָבנעהמער פון דער סחורה, פאַר וועלכע מען האָט געצאָהלט במזומנים, אויך מיט טאַלקעס פּאַדים. יעדער האָט שוין געהאַט זיינע געוויסע וועבער, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדעלט. געוועהנטליך האָבען דערמיט געהאַנדעלט בעל־הבית׳לעך, נאָך קעסט־קינדער, אָדער ערשט אַראָב פון קעסט, ביי וועלכע עס האָט זיך געפונען פונ׳ם נדן אַ מזומן גראָשען. ר׳ חיים׳ס אויסגעגעבענע קינדער האָבען אויך דערמיט געהאַנדעלט און געצויגען די פּרנסה. די דאָזיגע סחורה פלעגט דערנאָך דורך גרעסערע סוחרים, אויפקויפער, צופיהרט ווערען אין אַלע ליטווישע שטעדט, וואו עס האָט געהאַט אַ גרויסען אָבגאַנג. ק־ער שלייער האָבען זיך גע־ריהמט אין דער וועלט. ס׳איז געווען פּרנסה אין דעם שטעדטיל, אַ סך יודען האָבען דערפון געלעבט.

אָט אַזוי האָט זיך עס געצויגען יאָהרענלאַנג, פון טאַטעס צו קינדער — און פּלוצים נאָט אייך אַ גזרה!

ס׳איז אַרוים די גזרה פון די קליידער — ווייבער זאָלען ניט טהאָרען גאָלען די קעפּ, יודען זאָלען זיך אָנטאָן דייטש!

אז יודען ווערען דייטשען, פאַרשטעהט־זיך, ווערען יודענעס דייטש־קעס. אמת אין שטעדטיל ק. איז נאָך מיט חסד. פּאות, שטריימעל, פאַר־שלייערטע געגאָלטע קעפּ לעת־עתה נאָך ווי פריהער, אָבער ערגיץ אנדערש אין דער וועלט איז פע!... יודען טהוען אָן קאַשקעטען, יודענעס וואַרפען אַראָב פונ׳ם קאָפּ דעם שלייער און נעהמען אַרויף אויף זיך מיני שמאַטקעס — ליטווישע טשעפּטשיקעס, מחילה, אַזוינע. אויסשלייער, אוים האַנדעל, אוים פּרנסה! דאָס שטעדטיל ק. איז ווי דער׳הרג׳עט, איטליכער דערפיהלט דעם קלאַפּ. עס דערפיהלען אויך די וועבער, די שפּינער, די קליינע און גרויסע אויפקויפער. עס דערפיהלען אויך די שענקערס, וואָרום אַז דער וועבער האָט ניט אויף ברויט, האָט ער נישט אויף טרינקען. און אַז די אַלע ליידען מאַנגעל, ליידען, עס פערשטעהט זיך, אויך די קרעמער, די בעלי־מלאכות, דער גאַנצער קליינערער עולם. ווען איז עס אין קאָפּ צוקויפען, עפּים זיך צומאַכען? עס קומען־צו נייע קבצנים, פרישצאַפּעלדיגע אביונים. בעל־הבית׳לעך אָבגעקומענע, בעפּאַלענע מיט קינדער, נעהמען זיך צו מלמדות, בטלנים, מלמדים וואַקסען ווי קראָפּעווע. נישטאָ אָבער אַזוי פיעל תלמידים, וויפיעל רבי׳ס. שלעכט! און אַז מענשען איז שלעכט, ווערען זיי אַליין

שלעכט. גריזען זיך, קריגען זיך, איינער וויל ארויסרייסען דעם ביסען ביים אנדערען און זענען צווישען זיך קידער־ווידער, אויף מעסער־שטעך, נישטאָ אין שטעדטיל די מנוחה דער פרידען וואָס פריהער.

אויף רב חיים׳ן האָט דער געפּאַלענער האַנדעל אויך זיך שלעכט אָב־גערופען. די אויסגעגעבענע קינדער זיינע זענען געבליבען ווי דערוואָרגען. אָהן פרנסה. א שוואָגער זיינער, וואָס האָט געהאַנדעלט מיט טאַלקעס, האָט אָנגעזעצט און געמאַכט פּליטה, איבערלאָזענדיג ווי אויפ׳ן וואַסער א ווייב מיט א קליין קינד, און זיי זענען געפּאַלען אויף רב חיים׳ס קאָפּ. איהם אליין אין די געשעפטען איז אויך געגאַנגען שלים. אין דער טאַקסע פון פלייש, וואָס ער האָט די לעצטע צייט געהאַלטען, האָט ער דערלעגט דעם קאָפּ. דער עולם האָט געגעסען ווייניג פלייש. אין שטוב איז געווען נישט פרעהליך, דאָס הויזגעזינד צווישען זיך גאָר ניט דאָס וואָס א מאָל.

שלמה׳לע הויבט אָן דערפיהלען צרות, צופערזוכען די ביטערקייט פונ׳ם לעבען. אוים קינדערשע רוהיגקייט!

נאָר אז ס׳איז באַשעהרט אומגליק, געהט עס פון אַלע זייטען. פּלוצלים אין א שענעם טאָג, זומער, די רעכטע צייט פון שרפות אין יודישע שטעדט־לעך, איז געקומען א שרפה, א העליש פייער אויפ׳ן שטעדטיל ק. מעהר ווי א העלפט הייזער זענען אוועק מיט׳ן פייער, צווישען זיי אויך דאָס הויז פון פראַדעל׳ס עלטערן. ס׳איז געוואָרען א תל פון די הייזער, אויף בערגלעך אש האָבען אומעטום ארויסגעשטרעקט נאַקעטע, פעררויכערטע קוימענס, ווי אויף א בית־עולם די מצבות. מענשען הונגעריגע, אָבגעריסענע, דאַרע, בלייכע, עפּיס נאָר לעבעדיגע מתים, האָבען זיך געוואַלגערט אין די גאַסען. א טייל האָבען זיך געבאָברעט, געגישטערט אין די הויפענס מיסט פון זייערע אָבגעברענטע הייזער, געזוכט, ווי מען זאָגט, פון א גע׳פּגר׳ט פערד די פּאָדקאָוועס, חאָטש וואָס איז, משטיינס געזאָגט, אז ער האָט געפונ־נען ערגיץ אונטער דעם אש א טשוואָק, א טאָפּ, עטליכע געבראָטענע קאַר־טאָפעל, האָט ביים צוזעהער עס פונדערווייטענס אויסגעריסען דאָס האַרץ נאָך פיעל מעהר ווי דער צער פון יענע אומגליקליכע, נעבעך, וואָס זענען געזעסען פאַרלעגט די הענד, וויסט, בעטריבט מיט אויסגעצוויגענע בלייכע פנים׳ער.

די עלטערן פראַדעלס, וואָס האָבען אויך אָבגעברענט, האָט רב חיים זיי מיט דעם הויזגעזינד אריינגענומען צו זיך אין שטוב. ס׳איז דאָרט גע־וואָרען א ענגשאַפט, א דערשטיקעניש, איטליכער האָט געליטען. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? — א רחמנות! „

נישט געליטען האָט נאָר איין שלמה׳לע אליין. אדרבה, עס האָט איהם אין האַרצען נאָך משונה הנאה געטאָן — ער איז דערווייל אינאיינעם, אונטער

איין דאך, מיט פראדלען. וואס ענגער, אלץ בעסער. געלעגענהייטען צווען איהרע בלוויזע שען־געטאקטע ארעמס ביים ארבייטען עפיס, און אויף איהר צוקוקען, מיט איהר זיך אנצושלאגען, צוהערען איהר זיס קול, צופיהלען איהר אטעם — אזעלכע געלעגענהייטען זענען דא אין טאג זעהר פיעל און מען פערשפארט זיך גאר צוהיטען. שלמה׳לע איז פון דער הויט געקראכען צודינען פראדעלס עלטערן מיט דאס, מיט יענץ, צוטראגען זיי עפיס, פאלגען זיי א גאנג, וואס נאר מעגליך. און בכדי צוגעפעלען, צומאכען זיי א פארגניגען, איז ער אלע טאג מיט א קליין וועגעלע צוגעקומען צו זייער אבגעברענט הויז, פונקט אין דער צייט, ווען פראדיל פלעגט זיך ז׳אברען דארט. שווייגענדיג, נישט צורעדען קיין ווארט, פלעגט ער דארט ז׳כען, גראבען, און וואס איהם איז צו די הענד געקומען, האט ער געלעגט אין וועגעלע, און דאס וואס פראדיל געפינט, אויך אהין, ארויסנעהמענדיג עס פון איהרע הענד שא, שטיל. איז דאס וועגעלע שוין פול, פיהרט ער עס א היים, רויט ווי א צוויק, אין איין שוויים, און פראדיל העלפט איהם, שטופט אונטער דעם וועגעלע פון־הינטען. אט אויף אזא אופן האט ער צונומען א גאנצען קוימען, א אויבען און אבגעפיהרט די ציגעל א היים. די פרייד פון א גבור ביים צוריק־קעהרען־זיך פון דער מלחמה בעגראנדע, מיט „זאק־רויב“, גאלד און זילבער א סך, האט זיך נישט געגליכען צו שלמה׳לעס פריידענסטמאל, בשעת שלעפענדיג אינאיינעם מיט פראדלען דאס וועגעלע פול אנגעלעגט מיט ציגעל, שטיקלעך אייזענס און נאך אזוינע שיריים פון דער שרפה. ס׳איז א וועהטאג א גרויסער איהם זיך מודה צו זיין, נאר די מעשה איז פארט אזוי טאקי, אז די שרפה, אזא אנשיקעניש, אזא אומגליק פאר אזוי פיעל מענשען, נעבעך, האט איהם אין הארצען שטארק הנאה געטאן. אויך די אייגענע מעשה טאקי ווי מיט א יורש, אשטייגער, פון רייכע עלטערן. כלומר׳שט וויינט ער ביים אויסגעהן זיי די נשמה, און צוגלייך טאקי האט ער משונה הנאה ביי זיך אין הארצען.

נאר אוי־וועה! די שרפה האט שלמה׳לע דערפיהלט ערשט שפעטער, אז ער אליין, קען מען זאגען, איז אבגעברענט געווארען, אז איהם אליין האט דא גרויס אומגליק געטראפען. פראדילס עלטערן, וואס האבען, נעבעך, אלע האפנונגען פערלוירען, צוריק צו זייערע קרעפטען צוקומען דא אין שטעדטיל, האבען זיך מיט איהם אויף אייביג אבגעזעגענט, פערנומען די קינדערלעך און ערגיץ ווייט אוועקגעפאהרען. נאכדעם ווי שלמה׳לע האט אזא צייט פערבראכט מיט פראדלען אינאיינעם, זיך צו איהר שטארק צוגעבונדען, איז איהם איהר אוועקגעפאהרען געווען א ריס פונ׳ם הארצען. פארשטערט איז איהם געווארען דאס לעבען!

## 15.

און ווי די חוואַליעס אין ים, לאָזען זיך איינע נאָך די אַנדערע צרות פּורעניות אויפ׳ן שטעדטיל ק. נאָר יודעלעך אַליין טאַקי, שלאַפּינקע, ריהר־רעווידיגע, קענען, אַנבויגענדיג זיך ווי אַ טשערעטיל, לאָזען איבערגעהן איבער זיך אַזעלכע גרויסע חוואַליעס און צוריק אויפהויבען דעם קאָפּ! —

„האָב ניט מורא, יעקב, ישראל מיינער — זאָגט גאָט — אין טייכען וועסט־דו ניט דערטרונקען ווערען, אין פייער ניט פערברענט ווערען!“

איז אַרויס די גזרה אויף שלייער. אודאי איז שלעכט! נאָר יודען ווערען צו אַלץ געוועהנט. מילא וועט גאָט העלפען אָהן שלייער אויך. וועט מען זיך אַביסעל אַ קוועטש טאָן, אַביסעל ניט דערעסען, אַביסעל ניט דאָס, אַביסעל ניט יענץ. נישקשה!... קומט אויפ׳ן שטעדטיל אַ שרפה — אוי, שלעכט, טאַקי זעהר שלעכט. אַ צרה איז עס אַ גרויסע! נאָר וואָס זאָל מען טאָן? גאָט איז אַ טאַטע, און ישראל זענען בני רחמנים. שרייבט מען כתבים, פאָהרען אַרויס משולחים. מען האָפּט, מען וואַרט — און וואָס? גאָרנישט! משולחים זענען אויך מענשען, בשר ודם. מיט ווייבער און קינדער. בעדאַרפען, נעבעך, פיעל האָבען צום לעבען... טרעט־צו דער קאַל־טער, נאַסער אָסיען, גיט שטאַרק אַנצוהערעניש, אַז אין דרויסען קען מען ניט זיצען, קלייבט מען זיך אַריין ווי־ס׳איז אין דירות. ענגליך אַביסעל? מאַכט נישט אויס, אַבי אינאייגעם. חאַפּט זיך אַריין, ניט־דאַ־געדאַכט, עפּיס אַ מין חולאת אַ זעלכער, מען שטאַרבט! איז מען גוזר תענית, מען פאַסט! דער דלות ווערט אַלץ שטאַרקער, די נויט גרעסער. נו, לאָזט מען זיך, ווער עס קען, אַוועק. גאָט וועלט איז גרויס, און וואָהלין איז אַ פעט ווינקעל. מלמדים זענען דאָרט סחורה. מען קנעלט! איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? קומט פּלוצלים אַן גזרת־הבלעטלעך, אַז מלמדים טהאָרען ניט קנעלען אָהן אַ „שיין“, אַ בלעטיל הייסט עס. שלעכט! טהוט מען וואָס מען בעדאַרף. העלפט גאָט — און מען קנעלט ווייטער!

אָט אַזוי האָט דאָס שטעדטיל ק., נעבעך, געלעבט און איבערגעלעבט אַ שלעכטע, ביטערע צייט!

ווי מיט דעם ווינד האָט זיך אין יענער צייט פערטראָגען אין דעם שטעדטיל אַ נייעס וועגען יודישע קאָלאָניעס — די רעגירונג, הייסט עס, גיט יודען ערד צובעזעצען זיך אויף איהר און זי צובעאַרבייטען. די דאָזיגע נייעס האָט, ווי געוועהנטליך, קייקלענדיג זיך, ווי אַ קנויל, פון מויל צו מויל, אָנגענומען אויף זיך פיעל פערשיעדענע מימרות און לסוף זיך פערפּלאָנטערט, אַזוי אַז ס׳איז שווער געווען זי אויפצופּלאָנטען. וואָס קאָלאָניעס, ווען קאָלאָניעס; וואו געבען ערד, ווי געבען, וועמען געבען? —

אַט דרינען איז עס די גאַנצע פּלאָנטעניש און די מיינונגען דעריבער זענען פערשיעדען. דאָס שטעדטיל איז דערמיט אויף. אומעטום, אין מאַרק, אין בית־המדרש, אויפ׳ן שוהל־הויף שטעהען רעדלעך מענשען און מען רעדט, מען האַמפּערט זיך, שרייענדיג, זידלענדיג זיך אויף אַ קול.

— איך בעט אייך, רב זעליג — טענה׳ט חייקעל דער הינקעדיגער, וואָס איז שטאַרק פאַרברענט אין די קאָלאָניעס — זאָגט מיר, פילוסוף מיינער, וואָס בע־קעט איהר מיר, וואָס עט־עט איהר מיר? וואָס זאָל אַזוינס אייער בע, עט בעדייטען? אַזאַ זאַך, וואָס פאַר יודען אַ גליק, איז מען מיט אַזאַ חקירה׳לע, מיט אַ קנייטשעלע: עט, בע! ניט מבטל!

— וואָס האָב איך מיט דיר, חייקעל, צו טענה׳ן, אַז דו ביסט... האָב קיין פאַראיבעל ניט — ענטפערט רב זעליג מיט אַ קנייטשעל, אַ שמעק־נעבענדיג טאַבאַק — אַז דו פאַרשטעהסט ניט דעם תמצית, דעם תוך, הייסט עס, פון אַ זאַך. מען גיט קאָלאָניעס! וואָס הייסט מען גיט? נאַ, חייקעלע, נאַ דיר און זיי אַ פריץ!

— אַט דאָס אייגענע טאַקי זאָג איך דאָך מיין פייבושקען אויך — מישט זיך אריין אין שמועס יענקיל דעם מגיד׳ס — אַ פּריץ מיינסטו זיין? אָ, ניין! עס שמעקט, מחילה, מיט... מיט, מיט וואָס הייסט מען עס... וואָס מע טהוט אַ פּויער. נאָך מעהר. מען זאָגט טאַקי, באַשר פאַר נישט גוט אַרבייטען, צי ווייס איך וואָס פאַר עפּיס וואָס־ס׳איז, קומט אָבגעבען פאַר אַ רעקרוט, אָדער גאָר פאַרשיקען קיין קליין ארץ־ישראל — סיביר, הייסט עס! פייבושקע, זאָג איך ,דו קנעלסט? קנעל טאַקי ווייטער און רעד זיך ניט איין אַ קינד אין בויך! יעקב איז טאַקי ניט עשו.

— ניין! — הערט זיך אַ קול פון אַ צווייטען רעדיל — אין די היגע גובערניעס פאַר קיין געלט ניט! בעסער אהין, אין יענעם ווינקעל — אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אין חערסאָן.

— יאָ, טאַקי אהין, גאַנץ גוט. אָבער געלט, געלט, געלט? — לאָזט זיך הערען נאָך אַ קול.

— מע גיט געלט!... ס׳איז דאָ געלט!... ס׳וועט זיין געלט!... שאַ, וואָס זאָגט רב חיים? רב חיים וואָס זאָגט?... לאָז מען מאַכען אַ אסיפה, אַ אסיפה! — שרייען עטליכע מנינים העלזער מיט אַ מאָל.

אויף דער אסיפה האָט זיך דערקלערט, אַז די מעשה דערפון איז אַזוי: פיעל פון די טויזענטער יודען אין „ביעלאָרוסיא״, ארויסגעטריבענע פון די דערפער, און פון אַזוי דאָרטיגע יודען, וואָס האָבען אין יאָהר 1806 דער־לאַנגט „פּראָשעניעס״, אַז זיי ווילען בעאַרבייטען די ערד אין „נייַ־רוסלאַנד״, האָט די רעגירונג בעזעצט דאָרט אויף איהר ערד, אונטערשטיצענדיג זיי מיט געלטמיטעל. באַלד טאַקי אין יאָהר 1810 איז ארויס אַ „אוקאַז״, אַזוי ווי

עס האָט זיך אויסגעלאָזט געלט דערויף ביי דער רעגירונג, זאָל מען מעהר קיין יודען ניט שיקען אהין אין די קאָלאָניעס. אין ניין יאָהר אַרום האָט מען ווידער צוגעלאָזט יודען צובעזעצען זיך דאָרט, נאָר אויף זייערע אייגענע מיטעל דערצו. אין אַ פיער יאָהר אַרום האָט מען ווייטער קיין נייע קאָ־לאָניסטען אהין נישט צוגעלאָזט. און לויט די געזעץ פון 1835 יאָהר, און די וויטערדיגע אין יאָהר 1847 האָבען יודען געמעגט ווערען ערד־ארבייטער אויף קאַזיאָנע ערד, אין אַלע ערטער, וואו זיי מעגען וואוינען. בעזאָנדערענס האָט די רעגירונג זיי אָנגעוויזען יעקאַטערינאָסלאַווער און חערסאָנער גו־בערניעס. מיטעל אויף הוצאות און אונטערהאַלטען זיי האָט מען בעדאַרפט נעהמען פון דער טאַקסע, פונ׳ם „קעסטעל״ הייסט עס. — ווי באַלד אַזוי, פון קהל׳ס געלט, האָט זיך קהל פערטראַכט, און ס׳איז געבליבען — נאָך אַ מאָל מאַכען אַ אסיפה.

פון די אסיפות איז, ווי דער שטייגער איז, גאָרנישט אַרויסגעקומען. מען האָט בעדאַרפט געלט, און געלט איז נישטאָ! לאַ־די וואָס ניטאָ, איז נאָך אויף דער שטאָדט דאָ חובות פון ניט־דערצאָהלטע „פּאָדאַטען״, מען מאָנט שטאַרק, מען שטעלט אריין עקזעקוציעס. אויפ׳ן עולם רוקט זיך אָן אַ וואָלקען מרה־שחורה, קליין און גרויס זענען פעראומערט און מען פרעגט, ווען וועט נעהמען אַ סוף צו די צרות? יודען אין בית־המדרש, אונטער׳ן אויבען, רעדען דאָרט צווישען־זיך פון משיח׳ס צייטען. מען דערצעהלט פון אַ נייעם „קץ״, וואָס אַ געוויסער רב, אַ גדול בישראל, האָט געפונען אין אַ פּסוק, עס ווערט בשעת־מעשה עפּים גרינגער אויפ׳ן הארצען און פון די אויגען שיינט אַרויס האָפנונג — נישקשה! „אַל יאבד ישראל״ — גאָט איז אַ גאָט און זיינע יודעלעך וועלען ניט פערפאַלען ווערען!

די „פּני העיר״ פערקלייבען זיך אָפט איינער צום אַנדערען, מישב זיך צו זיין וועגען כלל־זאַכען. מען שמועסט, מען טראַכט אהין־אהער, און אויסלאָזען לאָזט עס אויס תמיד, גאַנץ געוועהנטליך, מיט אַ קרעכץ: אוי, „הושיעה את־עמך!״ העלף דיין פאָלק ישראל, גאָטעניו. עס שטעהט שמאָל, טע־טע־טע, מיט דיינע יודעלעך!

ס׳איז אַ ווינטער־אָוועט. אין דרויסען אַ ברענענדיגער פראָסט, אַ שיינענדיגע לבנה, העל־ליכטיג חאָטש, ווי מען זאָגט, פּערעל צוקלייבען. אויף דער גאַס שעמערירען טאַקי פּערעל, נאָר ניטע! דאָס זענען אויסגע־שאָטענע דאָ אין דעם זילבער־ווייסען שניי פון די פונקלעדיגע שטערען. ס׳איז שען, ס׳פאַרנעהמט די אויגען, אַ פאַרגעניגען צושפּאַצירען, נאָר ניט פאַר ק־ער יודען, נעבעך, אַזוינס געזאָגט געוואָרען — אויף דער גאַס איז שטיל. מען זעהט דאָרט ניט קיין לעבעדיגען מענשען! וואָרם, ליכטיג איז ביי רב חיים׳ן אין שטוב. אויפ׳ן „לוטשניק״ ברענט אַ פרעהליך

פייעריל. אין דער זייט, ביים ווארעמען קאפעל־אויבען זיצט ארום א טיש רב חיים מיט עטליכע אַנגעזעהענע מענשען אין שטעדטיל, און מען האלט אין א טיפען שמועס וועגען וויכטיגע ענינים פון שטעדטיל.

עס עפענט זיך מיט א מאָל די טיר, וואָס צו דער גאס־צו, א קאלטער שטראָם רייסט זיך אריין פון דרויסען און ציהעט זיך א ווייילע ווי א טונ־קעל־העלער זייל פארע איבער דער שטוב. עס לאָזען זיך הערען שווערע טריט מיט א סקריפ און פונ׳ם זייל פארע ווייזט זיך ארויס א געשטאלט פון א מענשען.

— א, ליפא! — שרייען אויס אלע מיט איין קול — שלום עליכם, ליפא!

ליפא איז פון בעל־הבתישען שטאנד, אלט א יאָהר עטליכע און דריי־סיג. איז דורכגעטריבען קלוג, א ווערטיל־זאָגער, א בעהערצטער. תמיד פרעהליך, אפילו נישט אין די גוטע אומשטענדען, ווי עס גיט זיך א מאָל אוים א פרעהליכער אָרעמאַן, און איז בעליעבט ביי איטליכען אין שטעדטיל. אז ס׳איז ארוים דער קלאנג וועגען יודישע קאָלאָניעס, האָט זיך ליפא ניט ארייננעלאָזט, ווי אנדערע, אין טיפע חקירות. ער איז ניט פויל געווען אויפ׳ן גאנג און זיך געלאָזט באלד טאקי אין דער אויעזדנער שטאָדט, פון דאָרט אין דער גובערנסקער, צודערגעהן זיך וועגען דעם אלסדינג ריכטיג און וואָס מען האָט צוטאָן.

ליפא פארטיגט זיך גיך מיט איטליכען פונ׳ם „שלום עליכם״. מאכט עס בקיצור. צונעהמט דאָס טולאבעל, טרעסעלט־אָב פונ׳ם בערדיל פערפרוירענע שטיקלעך אייז. שטעלט זיך דערנאָך נאָהענט צום לישעניק, ווארמענדיג די הענד אקעגען דעם פייעריל. דער עולם בעטראכט איהם פריינדליך, און פלוצלים שיסען אלע אוים א געלעכטער, טייטענדיג מיט די פינגער איהם אויף די פים:

—וואָס איז דאָס אזוינס, ליפא?

— לאפטיעס! — ענטפערט ליפא גאנץ קורץ, מאכענדיג דערביי א ערנסטע מינע.

— צו פורים איז נאָך ווייט, און דו, ליץ איינער, מאכסט שוין די שפיל. פארשטעלסט־זיך בעצייטען — זאָגען אלע נישט אויפהערענדיג צולאכען.

און באמת איז טאקי געווען פון וואָס צולאכען. לאפטיעס, שיך אזוינע, געפלאָכטענע פון א ווייכער קאָרע, מיט לאנגע שנירלעך, וואָס דרעהען זיך ווי רצועות ארום לייוונדענע שמאטעס אויף די פים ביז די קניעס — דאָס טראָגען אין ליטא פויערען, פון גראָבען עולם. א יודען, דעם גרעס־טען אָרעמאַן אפילו, קומט גאָר אויפ׳ן געדאנקען ניט ארויף לאפטיעס, פונקט ניט ווי עסען חזיר, אָדער טראָגען שעטנז. ער וועט געהן בעסער

מיט אויסגעטרעטענע פּיאַטעס, אָדער באָרפֿיס ווינטער אין דעם גרעסטען פראָסט, איידער איינגעוויקלען מיט „פּאַסטעלעס" די פיס און דערויף אָנ־טאָן לאַפּטיעס. אַ ייד אין פּאַסטעלעס איז גאָר ניט געמאָלט, סיידען אפשר פורים. עפיס אַ שלאַק אַ פּורים־שפּילער, אָדער אַ בדחן, אַ לץ אַ מאָל אויף חתונות.

— איך פאַרשטעל מיך גאָר ניט פאַר אַ פּויער, ווי איהר זאָגט — מאַכט ליפּא מיט אַ קלוג שמייכעלע — איך בין עס היינט טאַקי באמת. בכדי צופערשפּאָרען איטליכען בעזונדער אין שטעדטיל עס צו וויסען געבען, מיט איטליכען בעזונדער איינצוטענה'ן, נעהם איך און טהו אָן לאַפּטיעס. נאַט, זעהט, הייסט עס, ווייסט אַליין וואָס איך בין און לאָזט מיך צורוה.

— אזוי, ליפּא! — רופען זיך אָן אַלע — דו ביסט אַ קאָלאָניסט? דערצעהל־זשע אונג אַלסדינג אַקוראַט, לאָמיר וויסען.

ליפּא האָט קלאָר געמאַכט דאָ דעם עולם מיט דעם גאַנצען ענין פון די קאָלאָניעס און די אַלע זאַכען, וואָס ווערען געפאָדערט דערצו, קורץ און שאַרף אויף זיין שטייגער. ער האָט אויך דערצעהלט, וואָס מיט איהם האָט זיך פּאַסירט, די מיה, וואָס ער האָט געהאַט ביז ער האָט זיך צוגעשלאָ־גען צו אַ קאָמפּאַניע מענשען, וואָס מיט זיי אינאיינעם וועט ער זיך בעזע־צען אויף אַ קאָלאָניע אין חערסאָנער גובערניע. אויף איטליכס געזינד פון זעקס פערשריבענע נפשות רעכענט זיך צו געבען פערציג דעסיאַטינעס ערד.

— און די ערד בעאַרבייטען ווער וועט? — רופט זיך אָן איינער פונ'ם עולם — דו מיינסט, ליפּא, אַז דו ביסט אריין אין לאַפּטיעס, ביסטו שוין אַ פּויער און טויגסט צו דער ארבייט! מע בעדאַרף דערצו אַ רגילות.

— זאָרגט זיך ניט! רש"י האָט שוין בעוואָהרענט — מאַכט ליפּא מיט אַ שמייכעלע — אין די יודישע קאָלאָניעס פיהרט איין די רעגירונג „שולצען" (סטאַראָסטעס) פון דייטשען, פון וועלכע מען וועט זיך לערנען די ארבייט.

— יאָ, רעכט, אַלץ רעכט — רופט זיך אָן נאָך איינער — אָבער געלד, אויף דער ערשטער צייט געלד? פון דער טאַקסע? 170 רובעל אויף אַ קאָלאָניסט, ווי מען זאָגט, פון דער טאַקסע? שווערליך! קהל איז אָרעם און די הצטרכות זענען גרויס. מען בעדאַרף אויף דאָס, אויף יענץ, אויף יענץ, אויף דאָס און...

— שאַ, בערוהיגט זיך! — שלאָגט ליפּא איבער יענעם די רעד — אביסעל געלד האָב איך פון פריהער, אביסעל האָב איך דאָרט געחאַפּט פון שדכנות. אין איין וועג טאַקי האָב איך אויסגעפיהרט אַ שידוך. היינט רעכען איך, פון מיין בעל־הבתישקייט, וואָס איך וועל דאָ פערקויפען, וועט

מיר עפּיס אויך אריינפּאַלען. אפשר וועט מיר פעהלען אַ קלייניגקייט, פאַר־האַף איך, מען וועט מיר דאָ בעהילפיג זיין. וואָס זאָגט איהר, רב חיים?

— איך זאָג, דו ביסט אַ מענש, ליפּא! הלואי ווי דו, מיט ליב־שאַפט צו ערד־ארבייט, מיט מוטה, מיט אייגענע קרעפטען, אַ סך אזעלכע ביי אונז יודען!

שרה דערלאַנגט צום טיש כבוד — גריוועו מיט אייערבייגעל, צו וועלכע מען בעדאַרף זיך ניט וואַשען. און לאָזט בעטען זעהר שען דעם עולם ברכה מאַכען.

— אַז גאָט וועט געבען — ווענדט זיך ליפּא צו שרה׳ן — וועל איך אייך, שרה, שיקען פון דער קאָלאָניע אַ מתנה גוטע גענזעלעך. דאָרט איז, ווי מען זינגט היינט אומעטום אין דעם לידעל

פון אַלעם גוטען, ברויט נישט טייער

אַ פּיי׳ם אַ ציג, אַ הוהן אַ דרייער.

---

## 16.

יענער ווינטער, פון וועלכען דאָ איז געגאַנגען דער שמועס, איז געווען זעהר אַ שווערער פאַר רב חיים׳ן. דאָס האָט מען איהם אָנגעזעהן גלייך אין פּנים. רב חיים איז תמיד געווען אַ ערנסטער מענש, אַ פערטראַכטער, אָבגעזונדערט מיינסטענס פאַר זיך, זעלטען מיט עמיצען אין דער היים גערעדט אַ וואָרט. איטליכער האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר זיינס אַ קוק. וואָס פאַר אַ רעש עס האָט זיך געמעגט זיין אַ מאָל צווישען די קינדער אין שטוב, נאָר קוים האָט ער זיך געוויזען אין טיר, איז געוואָרען שטיל, מען האָט פון קיינעם נישט געהערט קיין פּיפּס. דאָס איז אָבער נישט געווען דערפאַר, וויי‎ל ער האָט, ווי אַנדערע בייזע טאַטעס, געהאַלטען איטליכען פונ׳ם הויזגעזינד אין דער מורא, מען זאָל וויסען ווער עלטער איז, — חלילה! ערענסט איז איהם דאָס פּנים טאַקי געווען, אָבער בייז כמעט קיינמאָל ניט. די קנייטשען אויף דעם הויכען, שענעם שטערען זיינעם האָבען בעוויזען, אַז ער טראַכט, ער איז פערטיפט אין די געדאַנקען. די אויגען זיינע בליצען — ווייל ער האָט אַ פייערדיגען קאָפּ, ניט אויסען חלילה, יענעם מיט דעם בליק צופאַרברענען. אדרבה, ער איז אין הארצען צו גוט, עס קרענקט איהם די שטילקייט, וואָס ווערט ביי זיין געפינען זיך אין שטוב, עס רייסט איהם דאָס הארץ, אַז עמיצען פונ׳ם הויזגעזינד טהוט עפּיס וועה, עס טריפט איהם דאָס בלוט, ווען עמיצען געהט עפּיס אָב.

פיהרען דאָס הויז האָט געפיהרט אינגאַנצען דאָס ווייב. רב חיים האָט נאָר געגעבען אויף וואָס מען בעדאַרף און ווייטער האָט ער נישט געוואָלט וויסען פון קיין זאַך. ער האָט מעהר ניט געוואוסט ווי זיינע געשעפטען, שטעדטישע זאַכען און לערנען אין בעשטימטע צייטען. אַט דאָס האָבען אַלע אין הויז געוואוסט, איהם זעהר געשעצט, געליעבט, פאַר זיין חכמה מיט איהם געשטאָלצירט, און געהאַט פאַר איהם גרויס דרך־ארץ.

נאָר אין יענעם ווינטער האָט רב חיים זיך שטאַרק פאַרענדערט. אַנשטאָט רוהיגע פערטראַכטקייט איז איהם אויפ׳ן פּנים געלעגען אויסגע־דריקט כעס, פערדראָס, און ביים געהן, ווי דער שטייגער זיינער, הין־און־העהר איבער דער שטוב, פאַרלעגענדיג אַהינטער די הענד, פלעגט ער זיך אַפּט אָבשטעלען, פערבייסען אַ ליפּ, קוקען אין דער וועלט אריין בייז, אויסטשירענדיג אַ אויג, און צופּען דאָס בערדיל, אין וועלכען עס האָבען זיך פּלוצלים בעוויזען אַ סך גרויע האָר, ער איז געעלטערט געוואָרען פאַר דער צייט. אינגאַנצען איז ער אַלט געווען אַ יאָהר צוויי, דריי און פער־ציג.

געעלטערט האָט איהם די טאַקסע. זינט דאָס שטעדטיל איז פער־אָרעמט געוואָרען, האָט די טאַקסע אָנגעהויבען צו געהן שלעכט. דער עולם האָט געגעסען ווענינער פליש. און וואָס נאָך? אַ טייל האָבען אריינ־געפיהרט „בשר־חוץ“, דאָס הייסט, פלייש, אריינגעפּעקעלט בגנבה אין שטאָדט פון׳ם ישוב, פערשפּאָרט צוצאָהלען טאַקסע און קאָסט וועלוועלער, דער חרם, וואָס ליגט, געוועהנטליך, אויף בשר־חוץ, האָט נישט געהאָלפען. נויט, זאָגט מען, ברעכט אייזען אַ פשיטא שוין אַ חרם. אָרעמקייט, הונגער איז קיין קאַטאָוועס ניט און „טאַקסע“ איז ניט מסיני. נישקשה! די שומרים אויף נישטערן זוכען אַזאַ פלייש, און אָוועקצונעהמען עס מיט גע־וואַלד, האָבען אויך ווענינ־וואָס געהאָלפען. ס׳איז תמיד נאָר געווען גע־שרייען, טענות, אומצופרידענקייט, קללות, טרערען און צוגעצויגען האָט עס רב חיים׳ן שנאה, צאָרן, און האַרצוועהטאָג. נאָר, ס׳האָט זיך נאָך ווי־ס׳איז געהאַלטען — תרבית פאַר רב חיים׳ן! שפּעטער אָביסעל אָבער ווייזט זיך ארויס, אז רב חיים צאָהלט שוין ניט קיין ראַטע, האָט פער־לאָרען דעם „זאַלאָג“, דערצו נאָך פערנומען פרעמד געלד אויך — און שונאים, עזות־פּנים׳ער האָבען שוין געעפענט אַ מויל, געשריגען טאַקי הויך אויף אַ קול.

רב חיים מיט זיין שאַרפען קאָפּ וואָלט זיך נאָך ניט מיאש געווען, געזוכט וועגען, אַהין־אַהער, ווי זיך ארויסצודרעהען, איבערהאַלטען זיך די שלעכטע צייט. און זעהר מעגליך, עס וואָלט איהם געראָטען. אַ חכם איז ער באמת טאַקי געווען, בעריהמט ווייט ארום און ארום. ס׳האָבען

איהם געקענט אפילו די ארומיגע פריצים; נאָר ווי קלוג, אזוי שטאָלץ איז ער געווען און ער האָט נישט געקענט איבערטראָגן לייטישע רעד. סטייטש, מענשלעך אזוינע, וואָס פלעגן ציטערן פאר זיין בליק, ניט די זכיה האָבן מיט איהם צורעדען א וואָרט, זאָלען העזה האָבן עפּענען אויף איהם א מויל! ניין, ס׳איז אוממעגליך אזוינס אויסצוהאַלטען. ער האָט זיך שטארק פארעסען, איז אראָב פונ׳ם פּנים, פערלוירען דעם געזונד און אינאייך נעם דערמיט דעם קוראזש.

דערצו האָט רב חיים געהאט נאָך א אינווייניגסטע מכה, וואָס האָט איהם שטארק געשמארצט. דאָס איז געווען די טאָכטער זיינע, לאה. זעהר א געראָטענע איז לאה געווען, א בריה, א קלוגע מיט א פעסטען כאראַקטער. נאָך דער מוטער איז זי געווען די פיהרערין, די עלטערע אין שטוב און אַלע האָבען זי געהערט. רב חיים האָט מיט איהר געטאָן א לייטישען שדוך פון דער פרעמד, פון א שענער משפּחה, ווי איהם שטעהט־אָן, און געהאַלטען זי מיט דעם מאַן ביי זיך אויף קעסט. דער יונגער־מאַן, אייגענטליך, איז געווען א גאַנץ פיינער, זיך אויפגעפיהרט, דאכט זיך, ווי דער שטייגער איז, און באליבט ביי איטליכען אין שטוב. רב חיים האָט אָבגעגעבען א פּאָר שעה צייט אין טאָג, צולעהרנען מיט איהם און זיינע עטליכע חברים, בעל־הבתישע איידעמס, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען אזעלכע פון אנדערע גרעסערע שטעדט, וואָס ס׳איז געווען צודערקענען אין זייער קליידונג און בענעהמונג, עפּיס גאָר ניט דאָס, וואָס אין דעם שטעדטיל ק. דענסטמאָל. די דאָזיגע קאָמפּאַניע האָט זיך געהאַלטען איינס, ארויסבעווייזענדיג א מאָל עפּיס אזעלכע „מאָדערנע״ געננג, פאר וועלכע מען האָט אויף זיי אין שטעדטיל געקוקט קרום, געמורמעלט, אז זיי זענען אביסעל פון דער נייער וועלט. וואָס מען האָט אין ק. דענסטמאָל פערשטאַנען אונטער דער „נייער וועלט״, וואָלט היינט פארשטעהט זיך, גאָר אויסגעקומען פערשימעלט, אַלט, אפילו ביי יענע פון דער „אַלטער וועלט״. נאָר ווי די מעשה, מען האָט געמורמעלט. ס׳איז דערפון ארויס „דרעהעניש״, פאַרדרעהעניש ביז לסוף איז די קאָמפּאַניע געוואָרען אויס. צווישען רב חיים׳ן און זיין איידעם איז מיט דער צייט ארויסגעקומען עפּיס א רוגז, איינער אויפ׳ן אנדערען האָט זיך געבלאָזען, און געהייסען פאר אנדערע האָט עס: לאה דרעהט זיך מיט דעם מאַן. נישטאָ צווישען דעם פּאָר־פאָלק קיין גוט לעבען. ס׳איז געקומען דערצו, אז מען האָט דעם יונגען מאַן אָבגעשיקט צו זיינע עלטערן, איהם מיט די בעבעכעס, און לאה האָט אין דעם ווינטער טאקי געגומען גט.. לאה מיט איהר פעסטען כאראַקטער האָט, דאכט זיך, דארום זיך גאָרנישט געמאכט. נאָר רב חיים אָבער האָט דערפיהלט, אז ביי איהר אינווענינ

איז דאָ אַ וואונד, זי האָט אַ געבראָכען הארץ. איהר בראָך האָט איהם נישט געלאָזט רוהען, איהם געשטאָכען אין דער זיבעטער ריפּ, האַלטענדיג זיך פאר שולדיג אקעגען זיין טאָכטער, וואָס ער האָט, ווי אַ געטרייער פאָטער, אמת שטארק ליעב געהאַט. ווען לאה זאָל געווען ארוים מיט אַ וואָרט, זיך קלאָגען, דענסטמאָל וואָלט ער זיך אויך אויסגערעדט, זי איינ־גענומען מיט אַ גוט וואָרט און עס וואָלט איהם געוואָרען אפשר גרינגער. לאה אָבער האָט געשוויגען און אָט — איהר שווייגען האָט איהם געשטאָכען. לאה האָט געהאַט פאר איהם גרוים דרך־ארץ, גרייט געווען איהם פאָלגען אין פייער, אין וואסער, געקוקט אויף איהם מיט ליעבשאַפט, און אָט — ערשט דאָס טאקי איז איהם געווען ווי זאַלץ אויף די וואונדען!

רבי חיים איז פאר יסורים שטארק פונ׳ם פנים אראָב. קוקענדיג אויף איהם איז איטליכען פונ׳ם הויזגעזינד פארשטערט געוואָרען דאָס לעבען. מען האָט געפיהלט, אז דאָס איינציגע אָנהאַלטעניש זייערע ווערט שוואך, נאָך עטליכע חוואַליעס פון צרות־א־ים, פאַלט עס אום — און זיי אַלע פאַלען אין אַ טיפען אָבגרונד אריין!

זעהר אַ שווערער, גיט קיין פרעהליכער איז יענער ווינטער געווען!

פּורים ביי נאכט צו דער סעודה איז רבי חיים אינאיינעם מיט דעם הויזגעזינד געזעסען ביים טיש. ער האָט זיך געשטארקט, געמאכט הארץ, ווייזען אַ פרעהליכע מינע, מקיים זיין אַלסדינג, ווי דער שטייגער זיינער איז געווען אַלע יאָהר. נעבען איהם ליגט אַ בייטעל מיט מינץ אויף צו געבען נדבות. עס קומען אריין אָרעמע לייט, רב חיים גיט מיט אַ פריינד־ליכען פּנים, זאָגענדיג זיי אַ גוט וואָרט. עס קומען בעל־הבתישע קינדער מיט פאטשיילעס, וואָס זאמלען פאר אנדערע — די בסוד פאר אַ געפאַ־לענע פאמיליע, נעבעך, וואָס ליידט שטילערהייד, און יענע פאר אַ לייטי־שען, שענעם קבצן, פאר אַ וויסטע אלמנה מיט ברעקלעך יתומים, נעבעך, — און רבי חיים גיט און איז מכבד מיט עפּים פּורים׳דיגעס. עס קומען אויך כלי־קודש, שמשים, כלי־זמר, באַד־יונגען, פּורים־שפּילער, אַלעמען נעהמט רבי חיים אויף מיט אַ „ברוך־הבא“, מיט אַ כוסה און גיט.

שרה פון איהר זייט איז בעשעפטיגט מיט דעם „שלח־מנות!, אָרעמע בחורים, יונגלעך, דינסטמיידלעך ברענגען פון קרובים, פון שכנים און בעקאַנטע איבערגעדעקטע טעלער, אין וועלכע עס געפינען זיך אַ פלעדיל, אַ מלכות־ברויטיל, אַ המן־טעשיל, אַ מאָהנדיל, אַ צוקער־פישעלע, אַ צוקער־קעלע מיט אַ ושתי, אַ זרש, אַ אסתר המלכה דערויף אויבען מיט גע־כתיבה׳טע אותיות פון צוקער. און ארום די דאָזיגע שענע, גוטע זאכען, וואָס נאָר צו איינס, צו צוויי אויף אַ טעלער, ליגען זיך אויסגעלעגט אין אַ שענעם סדר עטליכע טרוקענע, דאַרע פלוימען, אָדער עטליכע מאַנדלען

מיט ניסלעך. א מאָל ליגט גאָר אויף א טעלער א אויסגעצוואָגענער הערינג אין עסיג און האָניג — דאָס איז פון א זעלכען וואָס האָט ליעב אַלסדינג בפשטות, עס זאָל האָבען א ממשות, גאַנץ בעל־הבתיש...

און בשעת שרה איז בעשעפטיגט מיט צאָהלען יעדען פאַר דעם וועג, איבערגעבען איהרע ברכות און ווינשעניש צו דעם, צו־יענעם, ווארפען זיך די קינדער אויף די געבראַכטע שלח־מנות, בעטראַכטענדיג מיט שיינער־דיגע אויגעלעך איטליכס פיצעלע, וואָס רעדט, דאַכט זיך, ווערטער, קיצעלט ביי דער נשמה, און צולעגען עס דערנאָך אויף טעלערלעך, אַבצושיקען איטליכען צוריק, פערבייטענדיג די יוצרות — דעם אַנשטאָט זיין פלעדיל א המן־טעשיל, דעם אַנדערען אַנשטאָט זיין ושתי א זרש, און יענעם אַנשטאָט זיינע מאַנדלען א פייג, אָדער א רויטען עפּעל. עס פאַרשטעהט זיך, די מיינונגען דאַריבער זענען פערשיעדען, עס קומט א מאָל אויך אַרויס א מחלוקת, מען האַפּט א מאָל א קניפּ, א פּאַטש אויך, נאָר גאַרנישט, מען שלינגט עס אַראָב, בשעת חדוה ווער מאַכט זיך דערוים, פון אזעלכע קלייניגקייטען.

אַלסדינג, דאַכט זיך, ווי אַלע יאָהר, און פאַרט נישט אזוי. די אייגענע אָרעמע לייט טאַקי, אָבער די נדבות ניט די וואָס פריהער. פון פיעל געסט, וואָס פלעגען תמיד זיך צונויפקומען צו דער סעודה, זיך וואויל־טאָן, פאַר־ברענגען פרעהליך די נאַכט, זענען היינט דאָ נאָר עפּיס עטליכע אָרעמע קרובים. רבי חיים זינגט „שושנת יעקב", די קינדערלעך העלפען אונטער, אָבער ס׳איז ניט דאָס קול, וואָס א מאָל. אין דעם זינגען זיינעם הערט זיך עפּיס ווי א געוויין פון א צוקאָכטער, ליידענדער נשמה, א ניגון פון איכות. דער „שושנת יעקב" איז ווי א אָבגעריסענע רויז, דאַכט זיך, זי איז שען, די פאַרב שטעהט איהר אין פּנים אָבער נישטאָ אינוועניג דער זאַפט, דאָס לעבען, קוים נאָר וואָס זי זשיפּעט. רב חיים טהוט זיך אָן כח, צוהיצט זיך, ווענדעט זיך צו די אָרעמינקע קרובים מיט א טרייסט — נישקשה, יודען! מען בעדאַרף האָפען, ניט זיין ביי זיך אַראָבגעפאַלען. אז וואויל איז דעם, זאָגט ער, וואָס האָט אויף גאָט א בטחון, לאָז ער זיך זאָרגען! — דאָס איז אָבער גע׳מלאכה׳ט. דער זאָרג ליגט רב חיים׳ן איינגעגעסען ווי א פיאַווקע טיעף אין האַרץ. וועהטאָג און יסורים קוקען איהם אַרויס פון די בעטריבטע אויגען.

שרה בעמערקט עס זעהר גוט און עס האַפּט זי אָן ביים האַרצען. זי געהט אוועק אין א ווינקעלע, כלומר׳שט בעדאַרף זי דאָרט עפּיס האָבען, לעגט אַרויף די הענד אויפ׳ן פּנים און וויינט שטילערהייט.

לאה פיהלט אויך דאָס אייגענע וואָס שרה, פאַרשטעהט דער מאַמעס אוועקגעהן אַהין אין ווינקעל, נאָר זי האַלט אויס כאַראַקטער, זיצט ביים

טיש, קוקט מיט רחמנות אויף די קינדער און רוקט אריין איטליכען אין הענטיל עפּיס א צוקערגעבעקסעל — זאָלען זיי, נעבעך, עסען. דערפאר ביי נאכט אויף איהר געלעגער איז פייכט געוואָרען דאָס קיסען פון איהרע טרעהרען.

---

17.

ס'איז א טאָג נאָך פורים. די זון קוקט פריינדליכער, מילדער אראָב פון'ם הימעל, שיקט דורך איהרע שטראהלען און דורך א געלינד ווינטעל די ערשטע התראה דעם ווינטער, אז עס ענדיגט זיך איהם דער טערמין פון דער דירה דאָ, אויף דר'ערד, ער זאָל מוחל זיין זיך ארויסקלייבען, זיך רוקען ווייטער. און ער טהוט דאָס אייגענע טאקי וואָס א שלעכטער, איינ־געשפּארטער שכן — בריה'ט־זיך, מאכט פוילע תנועות. ביי־טאָג, דער זון אין די אויגען, געזעגענט ער זיך, פּארגיסענדיג ריקעם טרעהרען — טייכלעך וואסער רינען אויף די גאַסען. איך געה. געה, הייסט עס, לאָזט מיך נאָר זיך פּאקען, פּארנעהמען מיינע בעבעכעס, דעם שניי מיינעם, „פערשוואַרצט" איז ער, נעבעך, געוואָרען! קוים אָבער מאכט די זון צו א אויג, געהט פּארנאכט אין איהר רוה אריין, שטעלט ער מיט א פערחמורעט, בייז פּנים איהר ארויס פייגען — סוסולקעס פּארגליווערטע און בלייבט ביי זיינעם טאקי, אייז־קאלט ווי פריהער. נאָר אז־אָך־און־וועה איז צו איהם! ער איז שוין פּארביי, מען איז איהם שוין מבטל — ביי יודען איז שוין פאר פּסח, די צייט פון עפענען טיר און טויער, ארויסטראָגען אויף דער גאַס טיש און בייניק, שייערן, וואשען און כשר'ן אלסדינג אויף פּסח!

אין שטעדטיל ק. קאָכט זיך, טאראראמט זיך א שרעק. אלע האָבע צוטאָן מיט דעם ליבען פּסח. יודישע קינדער, ווייבער און מאנסבילען לויפען ארום אויף דעם מארק צווישען פוהרלעך מיט ווייץ, קארטאָפּעל, אייער און שאר ירקות, וואָס עשו פון די דערפער ברייננגט אריין אין שטאָדט יעקב'ן אונטער א יום־טוב. אין דער מיהל, הינטער דער שטאָדט, פּער־רוקט צווישען סאָסנאָווע וועלדער, זענען שוין גע'כשר'ט די שטיינער און יודען פון'ם שטעדטיל פיהרען אריין זעקלעך ווייץ, צומאָהלען עס אויף מצה, אָבהיטענדיג דערביי איטליכער זיין „אָטשערעדע". די פּאבריקעס אויף מצה־באַקען שטעהען שוין גרייט צו דער ארבייט, מיט קנעטערינס, גיסערס, וועלגערינס, רעדלערס, זעצערס און טרעגערס מיט די גרויסע קוישען. אומעטום, אויף דעם מארק, אין די הייזער פיהלט זיך דער פּסח, און פון די חדרים לאָזען זיך הערען קינדערשע קול'בענס, לערנענדיג

„שיר־השירים" אויף דעם גוטען ניגון, פון וועלכען דעם יודענס הארץ ווערט צושמאָלצען פאַר מתיקות.

ביי רבי חיים׳ן אין שטוב, וואָס אין דער צייט פלעגט זיך אַ מאָל דאָרט קאָכען מעהר ווי אומעטום, איז היינט טרויעריג, וויסט, נישטאָ קיין סימן אפילו פון ערב יום־טוב. רב חיים ליגט אין־אָנטאָן ביי זיך אין צימער אויפ׳ן בעטיל, אונטערגעלייגט ביידע הענד צוקאָפּענס, קוקט שטאַרק צוטראָגען, אָטהעמט שווער און איז בלייך ווי די וואַנד. שרה זיצט אין שטוב פערלייגט די הענד, שטאַרק דערשלאָגען מיט אויגען ווי די באַנקעס פון טרעהרען. און זאָל עמיצער פון די קינדער טאָן אַ פּיפּס, מאַכט זי וויני־קענדיג צו איהם: שאַ! דער טאַטע איז ניט געזונד, זאָל זיין שטיל! די קינדער געהען אויף די שפּיץ־פינגער, פערשלאָגען זיך איטליכער אין אַ ווינקעלע, און קוקען שוויגענדיג, שטאַרק, נעבעך, בעטריבט. איין לאַה דרעהט זיך ווי אַ נעכטיגע ארום, פאַרנומען עפּיס מיט דער בעל־הביתיש־קייט. זי איז פינסטער ווי די ערד, און קעהרט אוועק דאָס פּנים, אויף קיינעם אין שטוב קיין קוק נישט צוטאָן.

די טיר אין שטוב גלייך פון דער גאַס עפענט זיך רעש׳יג אויף, און עס קומט אריין מיט ברייטקייט אַ פּריץ, אַ הויכער, אַ געזונטער, פון אַ שען אויסזעהען, מיט אַ פּאָר וואָנסעם, דין צוגעשפּיצט ביי די עקען. צוויי לאָקייען טראָגען איהם נאָך פון הינטען — איינער עפּיס אַ קליין פּעקעלע, דער אַנדערער אַ ליולקע־ציבעק, אַ לאַנגע אַנטיפּקע מיט אַ מונדשטוק פון ברוסטין. דער פּריץ ווארפט אַ אויג אויף יעדען אין שטוב גלייך ביים אריינ־גאַנג און בלייבט שטעהן אַ ווייל אָהן ווערטער, אַנגעהמענדיג אַ מרה־שחורה׳דיג־ערנסט פּנים.

— אַ, וועלימאָזשנע פּאַן! —טהוט זיך שרה אַ חאַפּ פונ׳ם אָרט און געהט דעם פּריץ אַקעגען.

— פּאַני ראַבינאָווא! — שרייט אוים דער פּריץ, שטאַרק גערירהרט, דערזעהענדיג אין שרה׳ס אויגען טרעהרען — וואָס האָט זיך אַזוינס גע־טראָפען?

שרה חליפּעט און קען ניט ארויסברענגען קיין וואָרט פונ׳ם מויל, אַזוי האָט עס זי פּארקלעמט ביים הארצען. דער פּריץ לאָזט זי צורוה, גיט איהר צייט צו זיך צוקומען, זעצט זיך ביים גרויסען געפאַרבטען שטוב־טיש, דרעהט, דרעהט די שפּיצען וואָנסעם און פייכטליך מיט אַ גלאַנץ ווערען איהם די אויגען.

— היי, אַנטאָסיא, ליולקי!

ווי פייל אויסען בויגען טהוען זיך געשווינד אַ לאָז צו איהם ביידע לאָקייען. איינער מיט די לאַנגע אַנטיפּקע און פול אָנגעשטאָפּטער ליולקע,

דער אנדערער מיט זיין פייער־געצייג: א שטיקעל שטאָהל, א קרעמען מיט גובקע אשטיקעל, שלאָגט אוים פייער און צינדט אונטער דעם טאַ־באַק אין דער ליולקע. דער פריץ רייכערט און הייסט די לאַקייען ארויס־געהן.

יאַן, דער וואַ־ציצער פריץ, האָט געשטאַמט פון א פוילישער איידע־לער פאַמיליע, צו וועלכער עס האָבען געהערט דערפער ארום דעם שטעד־טיל ק. וואָס זענען פּארטיילט געוואָרען צווישען עטליכע ברידער. בשעת זייערם א חגא, אָדער א מאָל אויך א זונטאָג, פלעגט יאַן מיט דער פאָמ־פע אין א קארעטע „נאשפּיטץ" אריינפאָהרען אין שטעדטיל, ווי אנדערע פּריצים פון דער סביבה, גלייך צום קלויסטער, וואָס א קעגען דער שורה הייזער ביים עק מארק, נישט ווייט פונ'ם „אראָבבאָרג" דאָרט. נאָכ'ן אָבפּאַרטיגען זיך אין קלויסטער איז דער שטייגער זיינער געווען צוצוגעהן צו־פוס צו רב חיים'ס הויז, א קעגען, וואו ער פלעגט פערבלייבען א פּאָר שעה, אויף אָבצוטאָן זיינע געשעפטען מיט בעלי־מלאכות, קרעמערם וכדומה, וואָס פלעגען קומען אהין צו איהם. רב חיים איז ביי איהם געווען שטארק חשוב. ער האָט איהם זעהר געשעצט פאר זיין קלוגקייט, זיין אָרענטליכקייט, און ליעב געהאט ווי א געטרייען פריינד. איז איהם אוים־געקומען א מאָל שווערליך אין עפּים א זאַך, האָט ער זיך געראטהען מיט רב חיים'ן. האָט ער געהאט מיט עמיצען עפּים א סכסוך, איז ביי איהם געווען איין וואָרט: „דאָ ראבינא!" אזוי האָט רב חיים ביי איהם גע־הייסען. רב חיים איז געווען דער פערמיטלער. אויף איהם האָט ער זיך אינגאַנצען פערלאָזען, וויסענדיג זעהר גוט, אז רב חיים וועט פונ'ם יושר נים אוועק אויף א האָר. און גאָר חוץ די אלע זאַכען, האָט ער גלאָט אזוי ליעב געהאט צו פארברייננגען אין א שמועס מיט רב חיים'ן. פּויליש האָט רב חיים גערעדט, אויך געשריבען נישקשה'דיג. ער פלעגט א מאָל דער־צעהלען דעם פּריץ גלייכווערטלעך, משלים, שענע אגדתות פונ'ם תלמוד, פון וועלכע יאַן פלעגט הנאה האָבען, זיי לויבען אין טאָג אריין. איז רב חיים א מאָל בעשעפטיגט געווען ביי זיך מיט מענשען, האָט יאַן איהם נים געשטערט, געדרויכערט די ליולקע, זיצענדיג גאַנץ היימיש אין שטוב, און איבערגעוואָרט ביז רב חיים וועט זיך אָבפּאַרטיגען. וואָס מען וויל מעגען זיך אנדערע איבער פּוילישע פריינדשאַפט מיט יודען זאָגען, נאָר דער פאַקט, אז יאַן איז באמת געווען רב חיים'ס א פריינד, בלייבט א פאַקט. דאָס האָט זיך ביי פיעל געלעגענהייטען דערוויזען תמיד, אויך היינטיגם מאָל אין זיין מרה־שחורה'דיג פּנים, אין זיינע פייכטע אויגען, בשעת שרה האָט איהם איבערגעגעבען די שלעכטע לאַגע זייערע און אז דער מאַן איז פאַר קריינקונג נישט געזונט.

— קען איך איהם זעהן אצינד אויף א ווײלע? — פרעגט יאן.

— אַט וועל איך געהן א קוק טאָן — ענטפערט שרה — און אויב ער שלאָפט ניט, וועל איך איהם זאָגען.

עס האָט נישט געדויערט קיין רגע, האָט שרה געבעטען דעם פּריץ צום מאַן אין צימער אריין.

— צאַ טאקענא, פּאַן רבי?! — מאכט יאן, אָבשטעלענדיג זיך א ווײלע ביים אריינקומען נישט ווייט פון דער טיר, און שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ, ווי פערוואונדערט, מיט א שמייכעלע כלומר׳שט — עפּיס איז פּאַן ראבין גאָר צוטראָגען, האָט פערלוירען דעם קוראזש! וואו איז זיין פעס־טער כאראקטער? וואו איז זיין חכמה?

— עס זענען דאָ צייטען, וואָס העלפט נישט דעם מענשענ׳ס חכמה — ענטפערט רב׳ חיים מיט א שמייכעלע, וואָס ער האָט עס געמאכט מיט געוואלד.

— ס׳איז דאָך אָבער דאָ א גאָט, וואָס קען העלפען תמיד, אין אלע צייטען! בעדאַרף איך דעם פּאַן ראבין זאָגען אזוינס, וואָס ער ווייסט בעסער פון מיר—מאכט יאן, זעצענדיג זיך רב חיים׳ן אקעגען.—איך ווייס— שלעכטע אומשטענדען. אָבער אזא מענש מיט קאָפּ, קען נישט ווערען פער־לוירען. עפּיס א סך האָבען יודען אזעלכע ווי פּאַן ראבין?

אקעגען א פערטיל שעה האָט יאן פערבראכט ביי רב חיים׳ן. דערנאָך האָט ער זיך געזעגענט און מיט א פערקלעהמט הארץ זיך געלאָזט צו זיין קארעטע, נעבען קלויסטער.

אויף־מאָרגען פארנאכט איז צוגעפאָהרען צו רב׳ חיים׳ס הויז א וואָגען, און צוויי לאָקייען האָבען אריינגעטראָגען אין שטוב זעקלעך ווייץ, קאר־טאָפעל, אויך היהנער און א פּאָר אינדיקעס.

רב חיים האָט געצאנקט ווי א ליכט. עס האָבען זיך איהם אויסגעלאָזט די כחות ביז ער איז געבליבען ליגען שלאַף ווי א קינד, נישט קענענדיג ריהרען זיך פונ׳ם אָרט. אלע אין דעם הויזגעזונד זענען געוואָרען פינסטער ווי די ערד. מען האָט ניט געגעסען, געטרונקען, ניט גערוהט, געשלאָפען די גאנצע נעכט. קרובים און גוטע בעקאנטע זענען געקומען, איטליכער מיט זיינע מרייסט־ווערטער, מיט זיינע רפואות. מען האָט אויך אראָבגע־בראכט צו איהם א געוויסען דאָקטאָר פון דער סביבה. ער האָט די קראנק־הייט א נאָמען געגעבען, פערשריבען רעצעפּטען, גענומען פאר׳ן וועג — און דאָס אלסדינג האָט אזויפיעל געהאָלפען ווי יענע אלע באבסקע מיטעל.

שרעקליך איז געווען יענע נאכט, וואָס אכט טאָג פאר פּסח. רב חיים ליגט פערדולט מיט צוגעמאכטע אויגען. דאָס מויל האלב אָפען, די ליפּען

פארברענט, קוים וואָס ער זיפּעט, וואָס איהם שלאָגט זיך אַ אָדער, און אַ־ין הארצען חריפעט, גלייך ווי מען זעגט. צייטענווייז טהוט ער זיך אַ קר־ים מיט אַ שווערען זיפּץ, ווי איהם איז שטארק נישט גוט. שרה בויגט זיך אָן איבער איהם, רעדט צו איהם, נאָר רעדט צו דער וואנד — ער איז פערדולט, ווייסט ניט, וואָס ארום איהם געהט פאָר.

שרה לאָזט אראב דעם קאָפּ, זיצענדיג נעבען איהם, און וויינט שטילער־הייט. לאָה זיצט נישט ווייט איהם צוקאָפּענס און ווארגט זיך מיט טרעהרען, געבענדיג זיך צו־ווייליען אַ וואָרף, אַ ציטער מיט אַלע גלידער.

אויף אַ לאנגען באנק אקעגען, ביי אַ טונקעל־ברענענדיג חלב׳דיגע ליכטיל שאָקעלט זיך שלמה׳לע איבער אַ תהלים׳ל. אשטיל געבעט מיט זודיגע געפּיהלען, הייסע טרעהרען געהט איהם טיעף אוים דעם הארץ, טראָגענדיג זיך צום גנעדיגען, בארמהארציגען פאָטער אין הימעל. ער וויינט, ער בעט, טראכטענדיג אין זיך: אָ רחמנות, האָב רחמנות, הייליגער פאָ־טער! אָ, טהו אַ נס, אַלמעכטיגער גאָט, שיינק מיר און די קליינינטשקע קינדערלעך, וואָס ליגען פערשמאכט, נעבעך, דאָ אין ווינקעל — אָ, שיינק אונז אונזער טאַטען! דערפאר — זאָגט ער צו גאָט, ביי זיך אין הארצען — צו טאָן זיין געבאָט און דינען איהם געטריי. שלמה׳לע בעט, טענה׳ט, און ווארפט צו־ווייליען פונדערווייטענס אַ אויג אויף דעם קראנקען טאַטען, האָפענדיג — אָט־אָט טהוט גאָט אַ נס און שיקט איהם אַ רפואה שלמה. ווייטער זאָגט ער אַ קאפּיטעל תהלים. ווייטער אזוי געטראַכט, ווייטער אזא בליק — און אָ אַ פרייד! די מאמע ווינקט צו לאָה׳ן, טאפּענדיג דעם חולה ביי די פיס, ווינקט און מאכט צו איהר שטיל מיט אַ פרעהליכער מינע:

— עס ווייזט זיך שוויים!

— אומ־מ־ם! — מאכט שלמה׳לע, צונויפנעהמענדיג זיך מיט אַלע קרעפטען, וואָס האָט געהייסען: אָ גאָט, גוטער גאָט!...

ס׳איז שוין שפּעט אין דער נאכט. אַ קרעהען פון העגער, ביי שכנים ערגיץ, פערטראָגט זיך אין שטוב. אויף דעם קראנקען ליגט ארויפגעוואָרפען אַ גרויסע איבערבעט. שרה דרעהט זיך ארום איהם אויף די שפּיץ פינגער, דעקט איהם אַלץ בעסער איין, ער זאָל גוט שוויצען. לאָה נעהמט די אנט־שלאָפען געוואָרענע קליינע קינדער אויף דער הארטער באנק און טראָגט זיי איבער אויף זייערע ערטער, הייסט שלמה׳לען אויך געהן אויף זיין אָרט שלאָפען.

שלמה׳לע איז מיד, צעבראָכען פון אזוי פיל פיין און יסורים אזא היבשע צייט. עס דרעהט זיך איהם דער קאָפּ, עס קלעבען זיך איהם די

אויגען, ער געהט, טהוט זיך א וואָרף אין דעם אָנטאָן אויף זיין געלע:ער — און ווערט באלד אנטשלאָפען ווי א שטיין.

רב חיים איז אקעגען טאָג געקומען צו די גערצאנקען, זיך פלוצלים אויפגעזעצט, אָנטהוענדיג זיך א כח, אָנגעקוקט שאַרף דאָס ווייב, די טאָכ־טער, וואָס זענען געשטאַנען נעבען איהם, און מיט א זיפץ אויפגעהויבען די אויגען ארויף, קוים מאַכענדיג מיט די ליפּען: גאָט, פאָטער פון יתומים, דין אלמנות!...

שרה און לאָה לאָזען ארויס א ביטער געוויין. רב חיים פאַלט אנידער אויסציהענדיג זיך אויפ׳ן בעט, טהוט א חאָרחעל — און איז טויט.

שלמה׳לע האָט זיך געלעגט שלאָפען ביי־נאַכט מיט אגרינג געמיט, פול האָפנונגען, אז ער האָט א געשיינקטען טאַטען, און האָט זיך אויפ־געחאַפּט אין דער פריה — א יתום! דער טאַטע ליגט אויף דר׳ערד, איבער־געדעקט מיט א שווארצען שטיק געוואַנד, און אין שטוב איז א יאָמער, א קלאָג!... — — —